ה. בלאַשטיין

# קינדער פונ איינ קלאס

## דערציילונגענ וועגנ קינדער־לעבנ אינ ארגענטינע







מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטנ אונ אוסר"ר
קיעוו 1935 כארקאָוו

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער ל. מיש־
קאָווסקי. טעכנישער רעדאקטער —
מ. זארעצקי. קאָרעקטער — פ. כאָ־
ראָוועצער. פאפיר 110×82 — 1/32 —
60 קג. 5 1/2 דרוקבויגנ, אינ 1 פאפיר־
בויגנ 140000 צייכנס. טיראזש 3000 עקז.
פארלאג № Є־11. 2-טע אינטערנאציאָנא־
לע דרוקעריי אופ״ט. קיִעוו, רויטער פלאצ
2־a. באשט. № 1121. באפולמעכטיקטער
פונ הויפטליט № 5187. אָפגעגעבנ אינ זאצ
10/XI, אונטערגעשריבנ צום דרוק
25/XII — 1934 י.

# אפּן זעלביקן בוים.

.1

ס'איז געווען אַ הייסער זונטיק אינדערפֿרי אין דער שטאָט בוענאָס־אײַרעס. אַלבערטאָ מאָרענאָ האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, אויסגעריבן דעם נעפּל פֿון די גרויסע שוואַרצע אויגן, אויסגעצויגן די נאָך פֿאַרשלאָפֿענע הענט און פֿיס און דערפֿילט אַ מידע שווערקייט אינעם שוואַרץ געקרויזטן קאָפּ. אין צימער איז געווען זייער דושנע, און אויף אַלבערטאָס ברוינעם, פֿעסטן, נאָר דאַרן לײַב האָבן זיך געגליצט קליינינקע, דינינקע שווייס־טראָפּנדלעך.

אַלבערטאָ איז נאָך אַ ווײַלינקע געלעגן און זיך פֿויל געצויגן. נאָר באַלד האָט ער, קענטיק, אין עפּעס זיך דערמאָנט, אין די אויגן האָט אַ שפּילן לײַכט געטאָן מיט מוטיקייט און מונטערקייט. פֿלינק איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם שמאָלן לײַוונטענעם צונויפֿלייג־בעטל, און מיט עטלעכע שטאַרקע גימנאַסטישע איבונגען אַרויסגעטריבן דאָס לעצטע ביסל מידקייט פֿון די גלידער. אין אַ רגע אַרום איז ער שוין געשטאַנען בײַם קראַן אין קאָרידאָר און געפֿרישט זײַן האַלבנאַקעטקייט מיט אַ שטראָם קלאָרן קאַלטן וואַסער.

אַ פֿרישער, אַ שטײַפֿער און אַ מונטערער איז דער פֿערצניאָריקער יאַט אַרײַן צוריק אין צימער. דאָ איז נאָך געווען די עלטערע שוועסטער, כואַניטאַ. זי האָט זיך געקליבן וואַשן דעם דיל. די מאַמע, האָט אַלבערטאָ געוווּסט, שטייט איצטער ערגעץ אין אַ ווײַטן ווינקל פֿונעם לאַנגן קאָרידאָר און וואַשט וועש. הײַנט איז בײַ איר דער איינציקער פֿרײַער טאָג. אַ גאַנצע וואָך לויפֿט זי אַרום זוכן אַרבעט אין אַ טעקסטיל־פֿאַבריק און קריגט נישט, און קומט אַהיים שוין מיטן טונקל. עס איז אַרבעטלאָז אויך כואַניטאַ.

אַלבערטאָ האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער. ס'איז געווען באַלד צען. דער טאַטע איז שוין אין שטוב ניט געווען. אַלבערטאָ האָט פֿאַרשטאַנען, וווּהין דער טאַטע איז אַוועק. ס'וועט הײַנט זײַן אַ וויכטיקער און

שווערער טאָג. נאָך פון נעכטן אָוונט האָט אַלבערטאָ געוווּסט וועגן דעם. אין פּאַרק, אויפן קינדערשן פוטבאָל־פּלאַץ, האָט ער זיך דערוווּסט וועגן דעם. דער פּאָליציאַנט אין בלויען מונדיר מיטן קורצן דיקן ווײַסן שטעקל אין האַנט האָט זיך, א גרויסער, ברייטפּלײצעקער און גראָבער, אַרומגע־דרייט לעבן פּלאַץ, וווּ די גרופּע יאַטן האָט געשפּילט אין פוטבאָל, און ער האָט געקוקט פונוויַטנס צו דער שפּיל. מיסטאָמע האָט ער זיך געוווּנ־ערט: ווי קומט עס, וואָס אַרגענטינער יאַטן שפּילן אַזוי פויל

שלעכט, און אַלע ווײַלע צעקריגן זיי זיך עפּעס, און לויפן זיך צונויף אין איין פּונקט, און וואַרטלען זיך, און שעפּטשען זיך... ער האָט דאָך ניט געוווּסט, אַז אינדערעמעסן איז דאָס נאָר א פאַרזאַמלונג פון דעם קאַרל־ליבקנעכט־רינג פון דער אַרגענטינער אונטערערדישער פּיאָנערן־אָרגאַני־זאַציע — פון דעם רינג, צו וועלכן אַלבערטאָ געהערט שוין א פּאָר יאָר צײַט. דאָ, אויפן פוטבאָל־פּלאַץ אין פּאַרק, האָט מען באַטראַכט און צע־טיילט צווישן זיך די אַרבעט אויפן מאָרגנדיקן טאָג — באַם גרויסן קעגנ־מיליטאַרע־מיטינג, וואָס די אונטערערדישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די אומלעגאַלע רויטע פּראָפּאַריינען האָבן גערופן אויף מאָרגן צוויי אַזייגער באַטאָג אויפן גרויסן „אָנסע־פּלאַץ״.

אַלבערטאָן צוזאַמען מיט נאָך א יאַט פון זײַן רינג האָט מען אײַנ־געטיילט א שווערע, אָבער געוואַגטע און אינטערעסאַנטע אַרבעט... ער האָט איצט אויפשנעל צוגעבויסן א שטיקל פּאַרדאַרט ברויט. עסנדיק, האָט ער ווידער א טראַכט געטאָן, אַז דער טאַטע, וועלכער האָט זיך ערשט ניט לאַנג אומגעקערט פון טפיסע, וועט עפּשער הײַנט ווידער אַרײַנפאַלן און אַהיים זיך ניט אומקערן. פון דעמדאָזיקן געדאַנק איז דורך א קאַל־טער ציטער איבערן לײַב. אַלבערטאָ האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם טאַטן. אי דערפאַר, וואָס ער, דער טאַטע, איז געווען זייער א גוּ־טער און א צערטלעכער, אי דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַזא העלדי־שער און דרייסטער קאָמוניסט. ניט געווען אַזא קאָמוניסטישע דעמאָנס־טראַציע, וואָס דער טאַטע זאָל ניט גיין אין אירע ערשטע רייען, ניט געווען אַזא אַלגעמיינער שטרײַק, וואָס דער טאַטע זאָל ניט זײַן אינעם אָנפירנדיקן שטרײַק־קאָמיטעט.

אַלבערטאָ האָט אויפשנעל אָפּגעגעסן, א שפּרונג געטאָן צום בעטל, פון אונטערן אַלטן אײַנגעקלאַפּטן האַרטן מאַטראַצל אַרויסגעשלעפּט א קליין פּעקל צונויפגעדרייטע פּאַפּירן, עס אַרײַנגעשטעקט הינטערן הויזנ־גאַרטל — און פלינק אַרויס פונעם צימער.

## 2.

כאָסע מאָרענאָ, אלבערטאָס טאטע, א הויכערברייטפּלייציקער ארגענטינער, איז געווען א זעצער. זייער א גוטער ארבעטער. נאָר פאַרדינט האָט ער גאנץ ווייניק, און דעם גרעסטן טייל פון יאָר איז ער אומגעגאנגען אָן ארבעט. קיינער פון די דרוקער־באַלעבאטים האָט נישט געהאט קיין באזונדערן כיישעק מאָרענען צו געבן ארבעט בא זיך אין פאבריק. ווער פון די פאבריקאנטן האָט געוואָלט האלטן בא זיך א באַלשעוויק, וואָס האָט אין די קארגע פערציק יאָר פון זיין לעבן שוין אמאָל צוואנציק געהאט צו טון מיט פּאָליציי און טפיסע? לאָז אריין אזא איינעם צו זיך אין צעך, וועט ער דאָך באלד אָנהייבן אָרגאניזירן צום קאמף פאר א קלענערן ארבעט־טאָג און פאר א גרעסערן ארבעטלוין. ער וועט מאכן שטרייקן און איינגאנצן אונטערייסן דעם רעספּעקט צום באַלעבאָס צווישן די ארבעטער. און גייט היט אזא ארבעטער, ער זאָל שטילינקערהייט נישט אויסזעצן און אָפּדרוקן א פראָקלאמאציע, א בלעטל, אַ אופרוף קעגן דעם פאשיזם אין לאנד, קעגן מילכאָמע, פאר דעם ראטנפארבאנד.

כאָסע מאָרענאָ האָט זייער אָפט געהונגערט צוזאמען מיט זיין ווייב און קינדער. נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אז אלבערטאָ פלעגט אוועק אינדערפרי אין שול א הונגעריקער — נישט געווען אפילע קיין 5 סענט אפ א ברויטל צו קויפן. און אלבערטאָן פלעגט אויסקומען שאָענלאנג אָפּצוזיצן אין שול א טויט־הונגעריקער און מיט גרויס סינע אין הארצן אויסצוהערן די רייד פונעם בורזשואזן לערער וועגן דעם „גליקלעכן העלדישן פאָטערלאנד ארגענטינע, ווו אלע בירגער זיינען גלייך".

איינמאָל, נאָך אזא פאטריאָטישער לעקציע, ווען דער לערער האָט א פרעג געטאָן, צי די קינדער האָבן פראגעס, האָט אלבערטאָ א וואָרפ געטאָן די קליינע ברוינע האנט אינדערהייך:

— הער לערער! איך האָב א פראגע. אלע קינדער, וואָס זיצן דאָ, זיינען אזוי הונגעריק, ווי איך, אָדער נישט?.. און פארוואָס, אז מיר גייען אפן גאס און שרייען, מע זאָל אונדז געבן הייסע פרישטיקן אין שול, רופט מען אונדז — צום דירעקטער, און די טאטעס — אין דער פּאָליציי אריין?..

עטלעכע געזונטע, פולע, רויטבאקיקע ייִנגלעך האָבן דאן געמאכט א טומל, און א פּאָר פון זיי האָבן אפילע מיט זייערע פוכקע פויסטלעך געדראָט אלבערטאָן. און דער לערער, מיט צוקנדיקע מוסקולן אפן

פּאָנעם, איז שנעל צו אים צוגעלאָפן, א כאפּ געטאָן פארן אויער און ארויסגעשלײַדערט הינטערן טיר. עמעס, א גרופּע יאטן האָט הויך פּראָטעסטירט קעגן לערער און געשריגן, אז אלבערטאָ איז גערעכט. נאָר אלבערטאָן האָט מען דאן פון שול אויסגעשלאָסן. דעם טאטן האָט מען דאן אין פּאָליציי נישט גערופן, ווײַל... ער איז בעמיילע שוין א פּאָר כאדאָשים געזעסן אין טפּיסע פאר רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט...

לעבט זיך זייער שווער כאָסע מאָרענאָן. ער הונגערט אָפּט און ווינט אין א „קאָנווענטיזשע.” אז כאָסע מאָרענאָ האָט אמאָל געשריבן צו זײַנעם א פרײַנט אין ראטנפארבאנד, אז ער ווינט אין א „קאָנווענטיזשע” און יענער האָט אים איבערגעפרעגט אין א בריוו, וואָס איז דאָס פאר אזא מין וואָרט און וואָס איז דאָס פאר א שטוב, האָט כאָסע מאָרענאָ אזוי געענטפערט:

„דאָס זײַנען מעשונעדיק גרויסע הײַזער, וואָס די ארגענטינער בור־זשואזיע האָט אויסגעבויט פאר די ארבעטער. אין אזא מין הויז ווינען אָפטמאָל צוויי־דרײַ הונדערט פאמיליעס און נאָך מער. דאָס איז א ריזיקער צוויי־דרײַ־שטאָקיקער קאסטן, וואָס איז געטיילט אף הונדערטער קלענערע קעסטלעך, ווי א מעשונעדיק גרויסע זאצ־קאסע אין דרוקערײַ. אין די פּאָר־קוואדראט־מעטערדיקע אָנפּענצטעדיקע צימערן איז אלע־מאָל האלב־גרוי. דאָס ביסל ליכט קומט ארײַן נאָר דורך דער טיר, וואָס איז אלעמאָל אָפן אין לאנגן קאָרידאָר ארויס. נאָך א שטיקל גליק, וואָס אין ארגענטינע איז נישט קאלט און מע קען קימאט אלעמאָל האלטן אָפן די טיר. און אנטקעגן יעדער טיר שטייט א קיך, צונויפגעקלאפּט פון ברעטלעך, מיט א קליין בלעכן אייוועלע און גליט אף דער זון, וואָס קומט ארײַן דורכן דיקגלאָזיקן דאך... אין יעדן צימער ווינט אין גוואלדיקער ענגשאפט אן ארבעטער־פאמיליע. באנאכט, אָדער אין א קעלטערן טאָג, אז מע מוז פארמאכן די טיר, טוען די אויגן וויי פאר טונקלקײַט, און דער קערפּער שמארצט פונעם דושנעם שווייס...”

אזוי האָט געשריבן כאָסע מאָרענאָ און האָט נאָך צוגעגעבן:

„דאָ איז שלעכט אלע טאָג, און זונטיק איז נאָך ערגער. דעמאָלט זײַנען אלע אינדערהיים. אין די צימערלעך איז ענג, זיצט מען אין הויף, אין קאָרידאָר. אלע קיכן רויכערן, און די לופט פארכלינעט זיך מיט די רייכעס פון ציבעלע און צוגעברענטע קארטאָפל. פון איין קיכל צו דעם צווייטן זײַנען אריבערגעוואָרפן שטריק, און עס טריקענען זיך און דומפּן זיך פארעלטערטע פארגעלטע ווינדעלעך, און עס טריפן נישט

גוט אויסגעדרייטע, נאַרוואָס געוואַשענע אַרבעטער־קאָסטיומען. צעהיצטע, פאַרמאַטערטע, אויסגעדאַרטע מאַמעס וואָיעווען מיט פאַרשײַטע האַלב־נאַקעטע קינדער, שמוציקע און ביינערדיקע, וואָס פּלאָנטערן זיך די מאַמעס בײַ די פיס און שטערן אינעם צוגרייטן דעם מאָגערן וואַרעמעס. זיי, די קינדער, גייט דאָך גאָרנישט אָן: פון אַן אַלטער צײַטונג קנוילן זיי צונויף אַ „פּילקע״, בינדן אַרום מיט אַ שטריקל און שפּילן דאָ אין דער ענגשאַפט אין „פוטבאָל״. עלטערע אַרבעטער זיצן בײַ די טירן, לייענען אַ צײַטונג, רויכערן און שמועסן.

אָט דאָס האָט געשריבן כאָסע מאָרענאָ, און געענדיקט זײַן באַשרײַבונג האָט ער אַזוי: „יעדע קאָנווענטיזשע איז אַ קליין אַרבעטער־שטעטל. די פּאָליציי האָט די קאָנווענטיזשעס נישט ליב. בײַ אײַך, אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט איר אַרבעטער־פּאַלאַצן. מיר דאָ וועלן זיי אויך אַמאָל האָבן, און דערווײַלע האָבן מיר נאָך קאָנווענטיזשעס״.

אָט אין אַזאַ קאָנווענטיזשע האָט געוווינט און געהונגערט כאָסע מאָרענאָ און געקעמפט פאַר סאָוועטן.

.3

אַלבערטאָ איז אַרויס אַף דער גאַס. די הייסע זון האָט אים אַזוי פאַרפּלייצט, אַז ער האָט אַף אַ רגע געמוזט פאַרזשמורען די אויגן. שנעל און פלינק האָט אַלבערטאָ זיך געדרייט צווישן טומל פון די אומ־צאָליקע אווטאָמאָבילן און טראַמווײַען. ער האָט קימאַט ווי נישט באַמערקט — און ס'האָבן איצט אים נישט געצויגן — די סקווערן מיט די בלומען און פּאַלמעס. ער האָט געהאַט אַ וויכטיקע אויפגאַבע פון זײַן רינג, און ער האָט געאײַלט זי אויסצופילן.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ רײַכן גרויסן קינאָ און אַרײַן צום פאַר־וואַלטער.

— וואָס וועסטו זאָגן, באָכער?
— איך וויל אַ בילעט אין קינאָ.
— איז וואָס־זשע דרייסטו אַ קאָפּ? גיי אין קאַסע און קויף.
— כ'האָב נישט קיין געלט.
— טאָ טראָג זיך אָפּ! אומזיסט טרינקט מען וואַסער.
— איך וויל נישט אומזיסט. איך וויל בײַ אײַך פאַרדינען אַף אַ בילעט.

— זאָג גיכער, וואָס דו ווילסט. איך האָב נישט קיין צײַט אפּ פּלוי־דערײַען.

אלבערטאָ האָט דערקלערט:

— איר גיט מיר א בילעט, און איך וועל דערפאר מאכן פּראָפּאגאנדע אײַער קינאָ. גיט מיר א פּעקל רעקלאמע־בלעטלעך און אפישן, וועל איך זיך שטעלן לעבן טיר און צעטיילן צווישן די דורכגייער. און איר זעט מײַנע פיס? זיי זײַנען לאנגע און פלינקע, איך קען שנעל שפּרינגען אפּ טראמוויַען, כ׳וועל אומעטום צעטיילן אײַערע רעקלאמעס, און איר וועט הײַנט האָבן א פולן זאל. דערפאר גיט מיר א בילעט.

דעם פארוואלטער פון קינאָ איז דער פּלאן געפעלן געוואָרן. ער האָט באלד אלבערטאָן געגעבן א פּאק רעקלאמעס און א צעטל אין קינאָ ארײַן. „און אז דו וועסט זײַן א פלינקער יאט,—האָט ער אים געזאָגט,—וועסטו פאר אזא ארבעט שטענדיק קריגן בא מיר בילעטן אי פאר דיר, אי פאר דײַן טאטן און מאמען. דו האָסט טאטע־מאמע?"

אין א ווײַלע ארום איז שוין אלבערטאָ געווען אינעם טואלעט־צימער פונעם קינאָ. דאָרטן האָט ער ארויסגענומען פון הינטערן הויזנגארטל דאָס צונויפגעלייגטע פּעקעלע און זייער פלינק אין יעדן רעקלאמע־בלעטל פון קינאָ ארײַנגעלייגט נאָך א קליין רויט בלעטעלע, אָט אזא בלעטעלע:

> ## ארגענטינער אנטיפאשיסטישער קאָמיטעט.
>
> ארבעטער! פויער! געדענק!
> צום מיטינג קעגן פאשיזם און מילכאָמע!
> אראָפּ מיטן פאשיזם און זײַנע אונטערלעקער — די סאָציאַל־פאשיסטן—די הענקער פון ארבעטער־קלאס!
> אראָפּ מיט דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע!
> די הענט אראָפּ פון כינע!
> פארטיידיקט דעם ראטנפארבאנד—די סאָציאַליסטישע היים פון אלע ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט!
> אלע צום מיטינג!!!

און אין א ווײַלע ארום איז שוין אלבערטאָ געווען אין קינאָ־זאל. אלע באַזוכער באַטייליקן מיט די רעקלאַמעס, און נאָכדעם איז ער ארום־געלאָפן איבער דער גאַס, באַטייליקט די דורכגייער. און דאָס לעצטע רעקלאַמע־בלעטל, וואָס איז אים איבערגעבליבן, האָט ער שנעל ארײַנ־געשטעקט אין האַנט א דורכגייענדיקן בורזשוי.

אלבערטאָ איז שוין לאַנג געווען פארשווונדן הינטערן ראָג. ער האָט נישט געזען, וואָס פאר א ווילד מעשונעדיק פּאָנעם דער בורזשוי האָט געמאכט, ווען פונעם קינאָ־בלעטל איז ארויסגעפאלן דאָס קליינע רויטע בלעטעלע...

דער בורזשוי האָט עס דורכגעלייענט. די הענט האָבן זיך אים גע־טרייסלט, און די אויגן אונטער די גאָלדענע ברילן האָבן מויזיש גע־טאַנצט, נאָר איבערגעבן דאָס בלעטל צו א פּאָליציאַנט האָט ער קיין מוט ניט געהאַט: אפן בלעטל איז מיט האַלבקינדערשן שריפט מיט א בלײַער געווען צוגעשריבן: „סעניאָר! אויב דו וועסט איבער־געבן דאָס בלעטל א פּאָליציסט, וועסטו מיך האָבן צו געדענקען!..”

דעמדאָזיקן וויץ האָט אלבערטאָ, פארשטייט זיך, געמאכט אפּ איי־גענער פאראַנטוואָרטלעכקײַט. ער האָט זיך דערבײַ געטראַכט, אז אָנ־ווערן האָט ער סײַווי נישט וואָס, די פּאָליציי האָט בעמיילע אזויפיל שפּיאָנעס, אז זי וויסט געוויס וועגן מיטינג, וואָס דאַרף הײַנט פאָר־קומען. נישט אומזיסט דרייט זיך דאָך הײַנט ארום אפּ די גאַסן אזוי־פיל רײַטער־פּאָליציי, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. איז וואָס שאַדט עס, אז מע זאָל א צעשראָקענעם בורזשוי פארשאַפן אביסל בייז בלוט?..

אלבערטאָ, א צופרידענער אי פון זײַן גוט אָפּגעטאָנענער ארבעט, אי פון זײַן וויץ מיטן בורזשוי, האָט זיך אוועקגעלאָזט צום אָנסע־פּלאַץ. ער האָט געטראַכט מיט פרייד און שטאָלץ וועגן דעם, אז דאָרטן וועט ער מיסטאמע טרעפן דעם טאַטן, און כאָטש ער דערציילט דעם טאַטן ווייניק וועגן זײַן פּיאָנערישער ארבעט (די אונטערערד לערנט אויס צו באַהאַלטן א סאָד אפילו פונעם אייגענעם טאַטן), וועט ער אים הײַנט א זאָג טון:

— דו האָסט דאָס בלעטל אויסגעזעצט, און איך האָב עס געהאָלפן צעטיילן. דער טאַטע וועט שמייכלען און אים גלעטן איבער די שמאָ־לע הארטע פּלייצעס.

ס'איז געווען שוין באַלד צוויי אזייגער, ווען אלבערטאָ איז צוגע־קומען צום אָנסע־פּלאַץ. דער געניטער פּיאָנער האָט נאָך פונווײַטן

באמערקט, אז היינט וועט דאָ עפּעס געשען, שאַרפּס און וויכטיקס. אַלע זייטיקע גאַסן זיינען געווען באַלאַגערט מיט פוס- און רייטער-פּאָליציי. דער אַנסע-פּלאַץ איז געווען ווי אין א שטאָלענעם רינג פון שטאַרק באוואָפנטע בלויע מונדירן.

די גרינע בענק אונטער די פּאַלמעס בא די בלומען-בייטן זיינען ווי שטענדיק געווען פאַרנומען. אומעטום איז מען געזעסן אָדער האַלבגעלעגן, פאַרמאַטערטע אַזעלכע, זייער שלעכט אָנגעטאָנענע, אויסגעהאָרעוועטע, מיט פיגצטערניש אין די רויטלעכע האַלבפאַרשלאָפענע אויגן.

די אַלייען זיינען וואָס אַמאָל אַלץ פולער געוואָרן מיט אָרעם געקליידטע שפּאַצירער — דער גאַנצער פּלאַץ האָט געראַשט מיט הויכריידנדיקע, דוכט זיך, צאָרנדיקע מענטשן...

און מיטאַמאָל האָט לעבן איינעם א בוים א פּלאַטער געטאָן א רויטע פאָן... שנעל האָט זיך אהין א לאָז געטאָן א גרופּע פּאָליצייער. נאָר די פאָן איז שוין אַרומגערינגלט געווען מיט א שטאָלן-שטאַרקער טויזנטקעפּיקער מאַסע. הונדערטער האַרטע פויסטן האָבן געשטורעמט אינדערהייך איבער די קעפּ, גרייט צו קאַמף און שלאַכט, גרייט אפ לעבן און טויט פאַר דער רויטער פאָן.

אַלבערטאָ איז מיט א פריידפול קלאַפּנדיק האַרץ געשטאַנען צונויפגעפּרעסט אין אוילעם. ער האָט מיט שטאָלץ געטראַכט וועגן דעם, אז אַסאַך פון דידאָזיקע מענטשן האָט ער עס היינט געבראַכט אהער... ער האָט מיט די אויגן געמאָסטן דעם אוילעם און באַשלאָסן בא זיך, אז די פּאָליציי וועט אַזוי גיך נישט אָנפאַלן: צופיל אַרבעטער. די פּאָליציי וועט געוויס וואַרטן, ביז ס'וועלן צוקומען נאָך עסקאַדראָנען, און דערווייַלע וועט דורכגיין דער מיטינג.

עס האָט זיך געביטן איין רעדנער נאָכן אַנדערן. קיין טריבונע איז נישט געווען. מע פלעגט אַרופהייבן דעם רעדנער אפ די פּלייצעס פון א פּאָר געזונטערע כאַווײרים, אָדער ער פלעגט גאָר אַרופקריכן אפן בוים... גערעדט האָט מען זייער קורץ, אָבער אַזוי שאַרף און אַזוי קלאָר, אז אַפילע דער אָפּגעשטאַנענסטער אַרבעטער האָט געמוזט פאַרשטיין, וועגן וואָס מע רעדט. און מע האָט טאַקע פאַרשטאַנען—אז נישט וואָלט מען דאָך נישט אַפּלאָדירט אַזוי שטאַרק! אַלע ווייַלע פלעגט מען די רעדנער איבעררייַסן מיט אויסרופן די לאָזונגען, וועלכע זיינען געווען אפן בלעטל, וואָס אַלבערטאָ האָט היינט פאַרטיילט...

אַך, האָט היינט אַלבערטאָ ליב געהאַט דעם טאַטן! ער האָט אים אַלעמאָל ליב, נאָר היינט — נאָך מער. און אַלע האָבן אים שטאַרק ליב. אָט, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אויפֿן בוים, האָט אַזאַ מין דונער געטאָן מיט אַפּלאָדיסמענטן, אַז די פּאָליציאַנטן האָבן, ווי משוגענע, גענומען שניידיק זיך איבערפּײַפֿן און רופֿן הילף־קויכעס... און דער טאַטע — מיט איין האַנט האַלט ער זיך אָן אַ צווייַג און מיט דער צווייטער שניידט ער אינדערלופֿטן, ווי מיט אַ שווערד. אַלבערטאָן דוכט זיך מינוטנווייַז, אַז נישט פֿונעם מויל, נאָר פֿון דער האַנט פֿאַלן עס די בליצן פֿון די רעוואָליוציאָנערע רייד.

דער טאַטע ענדיקט:

— זיך נישט צעגיין! פּאָרויס! פּראָטעסטירן!

ס'האָט אַ קלונג געטאָן דער „אינטערנאַציאָנאַל". אַ מעכטיקע טויזנט־קעפּיקע קאָלאָנע האָט שוין געשטראָמט נאָך דער רויטער פֿאָן איבער דער ברייטער ריוואַדאַוויאַ־גאַס צום פּאַרלאַמענט. מ'איז געגאַנגען הייס, זינגענדיק, פֿאָכנדיק מיט די פֿויסטן אין דער לופֿט. נאָר מ'האָט נישט באַוויזן דורכצושפּרייזן די ערשטע הונדערט שפּאַן, ווי ס'האָבן אָנגעיאָגט אַנטקעגן און פֿון די זייטן קייטן רייטער־פּאָליציי אין שלאַכט־גרייטקייט:

— צעגייען זיך! נו, שוין צעגייען זיך!

און גענומען רייסן די פֿאָן...

די מאַסע האָט זיך אַ וויג געטאָן, אָבער נישט אָפּגעטראָטן. מ'האָט זיך גענומען שלאָגן מיט דער פּאָליציי און מיט די ציווילע. שפּיאָנעס זיינען דאָס געווען, וואָס האָבן געאַרבעט מיט קאַנטשיקעס און געשאָסן אינדערלופֿטן. די אַרבעטער האָבן געריסן שטיינער פֿון ברוק און געשלײַדערט אין די רייטער. מ'האָט זיך צונויפֿגעקנוילט אין גרויסע צאַפּלענדיקע קופּעס. מ'האָט געשריִען און זיך געשלאָגן. פֿרויען האָבן געקוויטשעט און געכאַלעשט אונטער די גומענע שטעקנס.

אַלבערטאָ האָט געזען, ווי דער טאַטע האָט זיך צונויפֿגעשטשעפּעט עפּעס מיט אַ פּאָר ציווילע. ס'האָבן זיך אַפֿ אים געשאָטן קלעפּ. ער האָט געזעצט מיט די פֿויסטן אַפֿ רעכטס און אַפֿ לינקס, געכאַפּט באַם האַלדז איינעם פֿון די שפּיאָנעס און מיט זיין קאָפּ געזעצט אין צווייטן...

אַלבערטאָ האָט גאָר קיינמאָל ניט געוווּסט, אַז דער טאַטע זיינער איז אַזאַ שטאַרקער! אַלבערטאָ איז געלאָפֿן צום טאַטן. אין דער מינוט

האָט ער פאַר גאָרנישט ניט מוירע געהאַט. און געדוכט האָט זיך אים, אַז ער איז אַזוי שטאַרק, ווי דער גרויסער און ברייטער טאַטע.

נאָר אין דער מינוט איז שוין צו די פּאָר שפּיאָנעס געלאָפן אַ פּאָליציאַנט מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און געשאָסן, גלײַך אין טאַטן, דוכט זיך... ניין, די קויל האָט נישט געטראָפן! דער טאַטע לעבט, אָבער אַ לעבעדיקן שלעפּט מען אים צום בלויען געפּאַנצערטן פּאָליציי־אויטאָמאָביל, וואָס שנײַדט זיך דורך אַ בלוטיקן וועג צווישן דער אויפגעקאָכטער שרײַענדיקער מאַסע.

אַלבערטאָ זעט, ווי מע שטופּט דעם טאַטן אַרײַן אין אַ טירל פון אויטאָ. דוכט זיך, אַז דער טאַטע האָט אים באַמערקט, דעם זון זײַנעם, און אַ גוטן שמייכל געטאָן. אַלבערטאָן האָט זיך אין האַרצן ווי עפּעס אָפּגעריסן. אין די אויגן איז פינצטער געוואָרן. נישטאָ מער דער טאַטע!

ביסלעכווײַז האָט זיך אײַנגעשטילט די שלאַכט. דער אוילעם איז זיך צעגאַנגען איבער די זײַטיקע גאַסן. די פּאָליציי־אויטאָמאָבילן האָבן פון שלאַכט־פעלד אוועקגעשלעפּט אַסאַך צענדליקער צעבלוטיקטע, צעמאַזיקטע קעמפער...

נאָר שוין אַפילו אין די פּאָליציי־אויטאָמאָבילן האָט נאָך אַלץ געהילכט דער „אינטערנאַציאָנאַל".

אַלבערטאָ איז מיט גרויס ווייטעק אין האַרצן אַוועק אַהיים. אַפן שוועל פון דער קאָנוועגטיזשע האָט ער געטראָפן די מאַמע... און וויפל ער האָט זיך נישט אָנגעשטרענגט אײַנצוהאַלטן און זײַן פעסט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּיאָנער, האָט זיך אים דאָך דאָס נישט אײַנגעגעבן. צום האַלדז האָט זיך עפּעס צוגעשפּאַרט אַ גרויסע וואַרעמע שטיק, פון די אויגן האָבן אַ זעץ געטאָן טרערן, און ער האָט אַרויסגעכליפּעט:

— נישטאָ שוין מער דער טאַטע!..

## 4.

אַפן מאָרגן איז די מאַמע שוין נישט געגאַנגען אַרבעט זוכן. פאַר די לעצטע פּאָר סענט, וואָס ס'איז נאָך פאַרבליבן אין שטוב, האָט זי אײַנגעקויפט ברויט און פּאַפּיראָסן. אַלבערטאָ האָט צונויפגעפּאַקט דאָס פּעקעלע אַפּ איבערצוגעבן דעם טאַטן, און די מאַמע איז אַוועק אין פּאָליציי.

פאר אלבערטאָס מאמען איז דאָס קיין נאָווענע ניט געווען. פאר די לעצטע פאָר יאָר איז איר שוין אויסגעקומען נעענטער זיך צו באַקאָנען מיט די טירן פון פארשיידענע פאָליציי־ראַיאָנען און טפיסעס. זי איז געווען א גוטע מאָפּער־אקטיוויסטקע, און ס'פלעגט איר אויסקומען צו טראָגן פעקלעך אין טפיסע נישט נאָר דעם אייגענעם מאן, נאָר אויך צו אסאך כאווײרים און כאווערטעס, וואָס דער פאשיזם פלעגט פאנגען אפ די שלאכט־פעלדער פון רעוואָליוציאָנערן קלאסנקאמפּ.

שטיל און מיט שטאָלצ פלעגט אלבערטאָס מאמע טראָגן איר פּײַן אין הארצן. קימאט קיינמאָל האָט אלבערטאָ זי נישט געזען וויינענדיק און דערפאר האָט ער געפילט א באזונדערע אכטונג צו איר. נעכטן און הײַנט האָט ער זי אויך ניט געזען וויינענדיק, נאָר באמערקט האָט ער, אז די אויגן אירע זײַנען רויט, ווײַזט אויס, אז זי איז די נאכט ניט געשלאָפן. און עפשער האָט זי באנאכט, ווען קיינער האָט נישט געזען, אין דער שטיל געוויינט? אויב יאָ, איז ער, אלבערטאָ, אליין שולדיק: צו וואָס האָט ער געדארפט דערציילן, אז מ'האָט דעם טאטן שטארק געשלאָגן, ביז בלוט? אָט האָט ער דאָך גאָר, דער טאטע, געשמייכלט ווען מע האָט אים געשטופט אין בלויען אווטאָ ארײַן, און ער האָט באמערקט אים, אלבערטאָן...

אלבערטאָ איז געבליבן אין שטוב, אליין אין שטוב. ער האָט זיך געוואָלט דערווארטן די מאמען. געוווסט האָט ער אפילע, אז דעם ערשטן טאָג וועט מען זי צום טאטן נישט צולאָזן און קיין גרוס פון אים וועט זי נישט ברענגען, אָבער נײַס וועט זי מיסטאמע יאָ ברענגען. זי וועט זיך טרעפן מיט באקאנטע, זיך פאנאנדערפרעגן און עפשער זיך דערוויסן, מיט וואָס דאָס שמעקט: צי וועט מען די ארעסטירטע האלטן לאנג צי ניין. צי וועט מען זיי פארשיקן, צי ארויסשיקן.

אלבערטאָ האָט געפרוווט לייענען א ביכל. נאָר די געדאנקען האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן אפ די שורעס. זיי זײַנען געווען אזעלכע צעפלאָנטערטע און צעטראָגענע. זיי זײַנען ארומגעלאָפן איבערן בלאט און אלע שורעס — צונויפגעמישט און צונויפגעפלאָנטערט צוזאמען אין א קנופּ פון אסאך שווארצע שנירעלעך... אלבערטאָ האָט אסאך געטראכט, זיך אסאך דערמאנט וועגן נעכטיקן שווערן און העלדישן טאָג. און געטראכט האָט אלבערטאָ אויך וועגן דעם, אז ס'קען זײַן, אז פונקט אין דער מינוט נעמט דער טאטע ארויס דעם ערשטן פאפּיראָס פונעם פעקעלע, פארויכערט און זעט, אז עס ציט זיך שלעכט...

עפעס, ווײַזט אויס, ליגט אין מונדשטוק. דער טאטע רײַסט פּאָרזיכטיק אוף דאָס הארטל פונעם פּאפּיראָס און נעמט ארויס א קלײן־קלײן צעטעלע אפּ דינינקן פּאפּיר מיט פּיצעלעכ אויסיעלעכ:

> טאטע! איכ האָב דיכ ליב, און דער גאנצער ארבעטער־קלאס האָט דיכ ליב.
>
> אלבערטאָ

דער טאטע שמייכלט צופרידן... אז ער וועט קומען אהיים, וועט ער אלבערטאָן, ווי א קלײנינקן, א כאפּ טון אפּ די הענט און אים הייבן אפּ „הורא". ער וועט אים געבן נאָר איין קוש, דער טאטע, דערפאר אָבער וועט ער אים שטארק דריקן צו זיכ און קלאפּן איבערן פּלייצע, ווי א גרויסן, ווי א כאווער.

אוי, איז דער טאטע א שטארקער! ער האָט דעם טאטן קײנמאָל נישט געזען מיט טרערן אפּ די אויגן. ניין, איינמאָל, איינמאָל—דאָס איז געווען מיט א פּאָר כאדאָשים צוריק. אלבערטאָ מיט נאָכ א פּאָר יאטן פון זײַן רינג האָבן פארשפּרייט בלעטלעכ. ווענגן א שטרײַק, און א פּאָליציאנט האָט אים געפּאקט און מיטן קאנטשיק שטארק צעפּאסעוועט דאָס לײַב. דער רוקן האָט שרעקלעכ געשמארצט און ווייי געטאָן. איז ער דאן געקומען אהיים, אלבערטאָ, און קיין זאכ דעם טאטן נישט דער־ציילט. אָבער דער טאטע האָט באמערקט, אז דער זון זײַנער איז זייער בלייכ און האלט אלץ אין איין באטאפּן דעם רוקן... האָט ער געקוקט אפּ אים מיט פרעגנדיקע אויגן נאָר גאָרנישט געפרעגט. און אלבערטאָ אליין האָט אויכ געשוויגן.

ערשט שפּעט באנאכט, ווען אלבערטאָ איז געלעגן אין בעט און די זײַטן האָבן געשמארצט און נישט געלאָזן אײַנשלאָפן, האָט ער פּלוצ־לינג דערזען, אז לעבן אים שטייט דער טאטע.

— וואָס איז דיר, אלבערטאָ? פארוואָס שלאָפסטו נישט?

און פּלוצלינג האָט דער טאטע שנעל אים פארקאטשעט דאָס העמד אפן לײַב... אלבערטאָ האָט דאן פארנורעט דעם קאָפּ אין קישן און נאָר ארויסגעברומט טלעכע ווערטער:

— הײַנט דורכגעפּאלן... געטיילט בלעטלעכ... פּאָליציי האָט גע־שלאָגן.

דער טאטע איז א רעגע געבליבן שטיין, ווי א צוגעשמידטער. און מיטאמאָל איז ער צוגעפאלן צום בעט, שטארק ארומגענומען דעם זון און געגלעט אים איבער די בלוי־ברוינע פאסן אפן דארן רוקן — און באם הויכן גרויסן טאטן האָבן נאָכדעם פײַכט געפינקלט די אויגן... אלבערטאָן ווערט דערפון איצט נאָך ווארעם אין הארצן. א גוטער, טײַערער טאטע!

| |
|---|
| טאטע! איך האָב דיך ליב, און דער גאנצער ארבעטער־קלאס האָט דיך ליב... |

די מאמע איז צוריקגעקומען א שטארק צעטראָגענע, א זייער בלייכע, צוריק מיטן פעקעלע אין דער האנט.

— מאַמע, ווו איז דער טאטע?

— נישטאָ דער טאטע. איך בין שוין אויסגעווען אומעטום, סײַ אין דער צענטראלער פאָליציי, סײַ אין דער געהיים־פאָליציי, סײַ אין עטלעכע ראיאָנען. אומעטום האָט מען מיר געזאָגט, אז אזא איז נישטאָ, אז קיין כאָסע מאָרענאָן האָט מען נעכטן נישט פארנומען.

— אָבער, מאמע, איך האָב דאָך אליין געזען, ווי מ׳האָט אים ארײַנגעשפארט אין פאָליציי־אווטאָמאָביל! ער האָט נאָך געקוקט אף מיר און געשמייכלט.

— זעסטו דאָך, מײַן קינד, איך בין אויסגעווען אומעטום, און אומעטום האָט מען מיר געגעבן דעמזעלביקן ענטפער: נישטאָ אזא, מיסטאמע איז ער אנטלאָפן. אז מירן אים פאקן, וועלן מיר דיר אָנזאָגן...

— אָבער ווי קען דאָס זײַן, מאמע!.. איך האָב דאָך אליין געזען... עפשער איז ער טאקע אין וועג אנטלאָפן? — האָט א שפראָץ געטאָן א האָפענונג אין אלבערטאָס הארץ.

אָבער די מאמע איז פריילעכער נישט געוואָרן. זי האָט טיפער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געקוקט מיט ווייטעק אפן פעקעלע און שטיל איבערגעכאזערט:

— נישטאָ דער טאטע!

5.

פון יענעם טאָג אָן זײַנען שוין אריבער פיר כאדאָשים. פיר שווערע, לאנגע כאדאָשים, וואָס האָבן זיך געצויגן, ווי לאנגע הונגעריקע יאָרן.

דער טאטע איז נישטאָ! די ערשטע פּאָר װאָכן פֿלעגט די מאמע אַלע טאָג לויפֿן אין די פּאָליציי־ראַיאָנען, זיך נאָכפֿרעגן, נאָר זי האָט זיך אַלציינס גאָרנישט דערוווּסט: נישטאָ און פֿאַרפֿאַלן. ס׳איז שוין קלאָר געווען, אַז אַנטלאָפֿן איז ער נישט. ווען אים וואָלט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפֿן ערגעץ, וואָלט ער שוין לאַנג געלאָזט הערן וועגן זיך. דער טאַטע איז דאָך אַזאַ גוטער און וואָלט נישט דערלאָזט, אַז די מאמע זאָל האָבן אַזויפֿיל פֿאַרדראָס. אָט איז דאָך די מאמע פֿאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן קימאַט איינגאַנצן גרוי געוואָרן!

איז וווּ־זשע פֿאַרט דער טאַטע?! די מאמע זאָגט, אַז ס׳קען זײַן, די פּאָליציי האָט אים שטילערהייט אַרופֿגעזעצט אַף אַ שיף און אַוועקגעפֿירט אַפֿן טויטן קאַלטן אינדזל פֿײַערלאַנד, אַפֿן ווײַטן דאָרעם, אַף קאַטאָרגע־אַרבעט. נאָר מע וויל דערפֿון נישט דערציילן, קעדיי די אַרבעטער זאָלן נישט מאַכן קיין פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס. די אַרבעטער האָבן דאָך שטאַרק ליב דעם טאַטן.

קען זײַן, אַז די מאמע איז גערעכט. דער פֿירער פֿון פּיאָנערן־רינג האָט אויך געזאָגט אַזוי. דעם עמעס וועט מען זיך קענען דערוויסן ערשט דאַן, ווען פֿון פֿײַערלאַנד וועט זיך עמעצער אומקערן, אָדער איבערגעבן אַ ידיעה.

און דערווײַל איז שוין אַזוי אַריבער פֿיר כאַדאָשים. און איינמאָל אין אַ זונטיקדיקן פֿאַרמיטיק, ווען אַלבערטאָ און כואַניטאַ זײַנען געזעסן מיט דער מאַמען און ווי שטענדיק גערעדט וועגן טאַטן —

האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער האַלבצוגעמאַכטער טיר.

— אַרײַן!

אין צימער איז אַרײַן אַ מיטלוווּקסיקער גרויער מענטש.

— דאָ וווינט כאָסע מאָרענאָ?

— דאָ.

— איר זײַט מיסטאַמע זײַן ווײַב? און דאָס זײַנען זײַנע קינדער?

אַלבערטאָ, כואַניטאַ און די מאמע זײַנען געווען אַזוי צעטראָגן און נערוועז, אַז זיי האָבן נישט באַמערקט דאָס טרויעריקע פֿײַערל, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן באַם גאַסט אין די אויגן, ווען ער האָט געקוקט אַף כאָסע מאָרענאָס פֿאַמיליע.

— איר ווייסט עפּעס, סעניאָר, וועגן מײַן מאַן?

— יאָ, איך ווייס עפּעס...

ס'איז אים, קענטיק, שווער געווען צו ריידן: ער האָט פלוצלינג געבעטן א טרונק. א פּאָר מאָל א זופּ געטאָן, זיך ווי אָנגעקליבן מיט קוי־כעס און גענומען ריידן:

— איך הייס אלפרעדאָ דיאַז. איך בין א פישער פון קוענקא, א דאָרף לעבן דער שטאָט לא־פּלאַטא. מיר זײַנען דאָך אלע ארבעטער, עקספּלואַטירטע, מיר זײַנען דאָך אלע ברידער... און מיר זײַנען דאָך אלע סאָלדאַטן פון איין פראָנט—פון קאָמוניסטישן קלאַסן־פראָנט, דארפן מיר דאָך זײַן גרייט צו אלץ...

די מאמע האָט א ציטער געטאָן. אלבערטאָן האָט עפּעס צונויפגעשטשעמעט טיף אין הארצן. און אלפרעדאָ דיאַז האָט ארויסגענומען פון קעשענע א טײַסטער און פונעם טײַסטער — א זאַפּענקע...

— איר דערקענט?

— דאָס איז דעם טאַטנס זאַפּענקע, אָט איז דער מאָנאָגראַם — כאָסע מאָרענאָ — ארויסגעגראַווירט. אָט די זאַפּענקע האָט דער טאַטע געטראָגן אין יענעם זונטיק, ווען ער איז פארפאלן געוואָרן.

— איז ווי קומט צו אײַך די זאַפּענקע, כאַווער דיאַז?

די מאמע איז טויט־בלייך. עס ציטערן די הענט און די פיס, און ס'צוקט אינגאַנצן דאָס פּאָנעם...

— פארפאלן, טײַערע מײַנע... מיר דארפן זײַן גרייט אף אלץ. מיל־כאָמע איז מילכאָמע... די ווילד געוואָרענע פאשיסטישע הינט צערעכע־נען זיך שרעקלעך מיט זייערע קאָרבאָנעס... מיר זײַנען דאָך ניט קיין פארעמער, דער סוינע זאָל אונדז שאָנעווען...

אלפרעדאָ דיאַז האָט פארויכערט זײַן ליולקע, זיך פארוו־קלט אין דיקע בלויע סטענגעס רויך, און, אף קיינעם נישט קוקנדיק, ווײַטער דערציילט:

— איך בין א פישער. מיט א פּאָר טעג צוריק האָט מײַן נעץ ארויסגע־שלעפּט א האַנט פון א צעפרעסענעם מענטשן... ווײַזט אויס, אז די פיש האָבן נאָך נישט באַוויזן אים אופצועסן... אף דער האַנט איז נאָך געווען א שטיקל העמד, שוין שטארק צעפוילט, און אָט די זאַפּענקע... אין יאַם האָבן זיי אים ארײַנגעוואָרפן, די הינט! א געבונדענעם, פאר די פיש... מיר האָבן בא אונדז אין דאָרף געוווּסט, אז כאָסע מאָרענאָ פון בוענאָס־אײַרעס איז פארפאלן געוואָרן... בין איך געקומען.

אלפרעדאָ דיאַז קען נישט ענדיקן דערציילן: ער דארף מונטערן אלבערטאָס מאמען און שוועסטער, וואָס האלטן אין כאלעשן — דאָס צימערל איז שוין פול מיט אָנגעלאָפענע שכיינים.

אפן פראָטעסט־ און טרויער־מיטינג, וואָס די ארבעטער האָבן איינ־געאָרדנט אין א פּאָר טעג ארום, זיינען געקומען טויזנטער ארבעטער. ס'האָבן גערעדט עטלעכע רעדנער. דער לעצטער האָט גערעדט אלבער־טאָ. ס'איז אים געווען שווער צו ריידן. אין האלדז האָבן געשטיקט טרערן. נאָר צום סאָף האָט ער זיך באהערשט און הילכיק און קלאָר אויסגעשריען:

— פאשיסטישע הינט! אָט דאָ שווער איך, אז איך וועל די זאך פון מיין טאטן און מיין קלאס — פאָרזעצן.

א דונער אפּלאָדיסמענטן...

און א שיסעריי פון דער אָנלויפנדיקער רייטער־פּאָליציי. נאָר אל־בערטאָ שטייט נאָך אף יענעם בוים, אפן זעלביקן בוים, אף וועלכן ס'האָט צום לעצטן מאָל גערעדט דער טאטע, און זיין קאָל קלינגט אלץ העכער, מוטיקער און קעמפערישער.

---

# מיכקע וויטקעס.

.1

מיכקע איז האסטיק אריַינ אינ צימער, א לייג געטאָנ די ביכער אונ העפטנ אפנ טיש, אונ איידער נאָכ אפילע ער האָט אָפּגעווישט דעמ שווייס פונעמ דארנ פארברוינטנ פּאָנעמ, האָט ער שוינ א פרעג געטאָנ דער מאמענ:

— ווו איז דער טאטע?

אונ אינ די גרויסע שווארצע אויגנ באַ אימ האָט זיכ אָנגעצונדנ א בייז פֿיַיערל...

די מאמע האָט נישט געענטפערט. זי איז געזעסנ באמ טיש, אונ אירע בלייכע דינע הענט האָבנ געצירעוועט א זאָק. דורכ דער אָפענער טיר האָט אריַינגעקוקט די זונ אונ געוואָרפנ שטיקלעכ ליכט אפנ ברוי־נעמ דיל, אפנ גרינ באדעקטנ טיש, אפ דער שווארצער זאָק, אפ דער מאמעס וויַיסע שמאָלע הענט אונ אפ אירע גרויע אומרויִקע אויגנ.

מיכקע האָט ווידעראמאָל איבערגעפרעגט:

— מאמע, ווו איז דער טאטע?

אָבער אויכ דאָס מאָל האָט ער נישט באקומענ קיינ געהעריקנ ענט־פער. די מאמע האָט זיכ אופגעהויבנ אונ א זאָג געטאָנ:

— וואש זיכ ארומ אונ רו זיכ אָפּ. איכ גיי דיר מאכנ עפּעס צומ עסנ.

מיכקע איז איר פארלאָפנ דעמ וועג אונ אביסל אומעטיק אונ אביסל בייז האָט ער פעסט געזאָגט:

— הער זיכ איַינ, מאמע, דו ווילסט מיר ניט ענטפערנ אפ מיַינ פראגע, פארשטיי איכ דאָכ שוינ אליינ, אז דער טאטע איז ווידער אוועק צו דער ארבעט. איז זאָג איכ דיר איינמאָל פאר אלעמאָל: אויב דער טאטע וועט נישט אופהערנ ארבעטנ, וועל איכ אופהערנ עסנ, אונ נישט נאָר עסנ וועל איכ אופהערנ...

מיכקעס באקנ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ מיט אנ אופגערעגטער רויטקיַיט, די געדיכטע וויִעס האָבנ זיכ אָנגעכמורעט איבער די אראָפּגעלאָזטע אויגנ, אונ אינ קאָל האָט גענומענ ציטערנ א טרער:

— נישט נאָר עסן וועל איך אופהערן! איך וועל אינגאנצן אוועק פון דער היים! איך דארף נישט אזא היים! איך שעם זיך מיט אזא היים און מיט אזא טאטן! כ׳וועל אוועקגיין פון שטוב, און פארטיק. כ׳וועל ווערן א שוכפוצער, א צײַטונג־פארקויפער, א פעקל־אונטער־טרעגער... כ׳וועל פאר הונגער ניט שטארבן. אָבער אהיים וועל איך מער ניט קומען. איך דארף נישט אזא היים!

דער מאמעס אויגן זײַנען געוואָרן פינצטער־טרויעריק. זי האָט זיך צוריק געזעצט צום טיש און זיך גענומען צו דער זאָק. מיט אראָפּגע־לאָזטע אויגן, ווי פארטיפט אין דער ארבעט, האָט זי שטיל גע־רעדט:

— אָבער וואָס בין איך שולדיק, זון מײַנער?! איך הייס אים דען גיין צו דער ארבעט? דו ווייסט דאָך אליין, אז ער פאָלגט מיך נישט. עס העלפן ניט מײַנע רייד. גיי עסן, זון מײַנער. דו האָסט דאָך א גאנצן טאָג אין מויל גאָרנישט געהאט. טו דאָס מיר, קינד מײַנס, כאָפּ עפּעס איבער, וועסטו נאָכדעם מער קויעך האָבן אײַנצוטײַנען מיטן טאטן, אז ער וועט קומען... איך וועל דיר העלפן.

די מאמע איז ארויס פון צימער. מיכקע האָט ארויסגענומען פון טעקע א צײַטונג, זיך אויסגעצויגן אפן זײַן אײַזערן בעטל, מיט צי־טערדיקע הענט צעגומען די צײַטונג, איין אָרט אין איר באזונדערס שטארק אָנגעטאפּט מיט די אויגן, אײַנגעגנורעט דעם קאָפּ אין קישן און אזוי געבליבן ליגן שטום און אָן באוועגונג, ביז עס איז ארײַנגעגאנגען צו־ריק די מאמע און מיט א שטילן פאָרצעלײַענעם קלונג אוועקגעשטעלט אפן טיש א טעלער:

— גיי עסן, זון מײַנער!

מיכקע האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ. אין די אויגן בא אים האָט גע־פינקלט א פײַכטקײַט. ער האָט דער מאמען צוגעטראָגן די צײַטונג.

— נא, זע,—האָט ער איר געטײַטלט אפן זעלביקן אָרט, וואָס ער האָט פריִער א ווײַלע אזוי שטארק באטאפּט מיט ברייט צעעפנטע אויגן.— נא לייען. דאָס איז דער לעצטער נומער „מעבל־ארבעטער" פונעם פּראָפאריין פון די סטאָליערס. דאָס האָט אונדזער רינג־אָנפירער אונדז הײַנט געטיילט. מאָרגן וועלן מיר אייניקע ערטער פון אָט דער צײַ־טונג דארפן באהאנדלען אפ דער פארזאמלונג פון אונדזער רינג.

די מאמע האָט האסטיק א לייען געטאָן דאָס אָנגעוויזענע אָרט. מיט א ציטער אין די הענט אוועקגעלייגט די צײַטונג אפן טיש, און אליין

זיך שווער אראָפּגעלאָזט אפן דערבײַיקן בענקל, ווי זי וואָלט פּלוצים דערפילט א גרויסע שוואכקײַט אין די פיס...

מיכקע האָט זיך אוועקגעזעצט איר אנטקעגן. ווי אַן אויסגעוואק־סענער פארצײַיפּלטער מענטש האָט ער אראָפּגעלאָזט דעם קליינעם שווארץ־געקרויזטן קאָפּ אפן אָנשפּאר פון די הענט און שטיל ארויסגע־ברומט:

— איז וואָס זאָגסטו, מאמע, ליגט מיר שוין איצטער אין קאָפּ דאָס עסן?..

זײַנע פערצן פּיאָנערישע יאָר האָבן זיך געבויגן, דערשלאָגענע אונטער דער לאסט פון דער גרויסער באליידיקונג און פארדראָס. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט ער געפילט אזא שארפע באליידיקונג. און ווער איז שולדיק אין דעם אלעמען? נישט קיין פרעמדער, קיין סוינע, נאָר דער מענטש, וועמען ער האָט ביז די לעצטע טעג אזוי שטארק ליב געהאט: דער אייגענער טאטע! דער אייגענער טאטע! און אפן טיש, לעבן דעם ניט־אָנגערירטן עסן, איז געלעגן א צעעפנטע די צײַטונג פונעם רעוואָליוציאָנערן ארגענטינער פּראָפאריין פון די מעבל־ארבעטער. די זון האָט זיך אָפּגעשטעלט באם טיש און צוגעלויכט דאָס אָרט, ווו ס'איז געווען באשריבן, ווי'אזוי עס גייט דורך דער אלגעמיינער שטרײַק אינעם סטאָליער־פּאכ.

דאָ האָט זיך דערציילט וועגן דער אײַזערנער אויסגעהאלטנקײַט פון די שטרײַקער, וועגן דער גרויסער סימפּאטיע, וואָס אלע רעוואָליוציאָ־נערע ארבעטער פילן צו זיי, וועגן די ארעסטן צווישן די קאָמוניסטן, וואָס פירן אָן מיטן שטרײַק.

און צום סאָף פון דער באשרײַבונג איז געגאנגען אין א שווארצן רעמל א צעטל פון פארעטער, פון שטרײַקברעכער, מיט וועמען די ארבעטער דארפן קיינשום באציִונגען נישט האָבן, אפּ וועמען די אר־בעטער, די ערלעכע ארבעטער, דארפן קוקן ווי אפּ שפּיאָנעס, ווי אפּ בורזשואזע, געדונגענע פּאָליציייִשע הינט.

און אינעם דאָזיקן שווארצן, שענדלעכן צעטל איז געווען — מיכקעס טאטע.

.2

ווען דער טאטע איז געקומען, איז אין צימער שוין געווען האלב־טונקל. און אין דער האלבטונקלקײַט איז מיכקע געלעגן א צונויפגעבויגל־

טער אפ זײַן בעטל. די מאמע, א פארטראכטע, אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אפ די הענט, איז געזעסן באַם טיש.

— וואָס זיצט איר אין דער פינצטער?! — האָט דער טאטע א זאָג געטאָן, ארויסגעדרייט די עלעקטרע און צוגעגאנגען צו מיכקען. — וואָס עפּעס אזוי פרי האָסטו זיך שוין אוועקגעוואָלגערט שלאָפן?

סײַ מיכקע, סײַ די מאמע האָבן געשוויגן.

דער טאטע איז געוואָרן אומרויִק. א מיטלוווּקסיקער, א ברייט־פּלייציקער האָט ער אָנגעבויגן זײַן גרויסן געגאָלטן קאָפּ איבערן זון זײַנעם און ארופגעלייגט די ברייטע הארטע האנט מיכקען אפן שטערן:

— עס טוט דיר עפּעס וויי? מאניע, — האָט ער זיך געווענדעט צו דער מאמען, — די טעמפּעראטור האָסטו אים געמאָסטן?

מיכקע האָט מיט א שארפער באַוועגונג ארויסגעדרייט דעם קאָפּ פון אונטער דעם טאטנס האנט און זיך פארנורעט טיפער אין קישן. די מאמע האָט שטיל א זאָג געטאָן:

— באָרעך, טשעפּע אים נישט, ער איז געַרעכט.

— וואָס איז ער גערעכט? וואָס טוט זיך דאָ? איך הייב דאָ גאָר־נישט אָן צו פארשטיין.

— נא, לייען איבער, וועסטו פארשטיין! — און זי האָט אים אונטער־געטראָגן די צײַטונג מיטן שווארצן רעמל.

מיכקע האָט זיך אוועקגעזעצט אפן בעטל און האָט טיף אײַנגעזויגן די אויגן זײַנע אין טאטן: וואָס פאר אן אײַנדרוק וועט אפ אים מאכן די צײַטונג?

באָרעך איז שנעל מיט די אויגן דורכגעלאָפן דאָס צעטל. זײַנע אָפּגע־ברענטע באקן זײַנען פארגאָסן געוואָרן מיט רויטקייט. אין די ווינקלען מויל איז דורכגעלאָפן א ציטער, אין דער רעכטער האנט האָט ער געהאלטן די צײַטונג, און די פינגער פון דער לינקער האנט האָבן גענערווירט, זיך געדרייט אין א פויסט. און באלד האָבן דידאָזיקע נערווירנדיקע בייזע פינגער א נעם געטאָן די צײַטונג, זי צונויפגעדרייט, צונויפגעקוועטשט מיט אזא בייזן פארגעניגן, ווי זיי וואָלטן געוואָרגן א בלוטיקן סוינע. און נאָכדעם האָט ער, באָרעך, די צעמאזיקטע, צונויפגעדרייטע צײַטונג א שלײַדער געטאָן אפ דער ערד, פארויכערט א סיגאר און גענומען ארומ־שפּאנען איבערן צימער. שפּאנענדיק, האָט ער צווישן קנוילן רויך גע־וואָרפן בינטלעך ווערטער:

— מאלע וואָס זיי פּאַטשקענ מיכ, די באנדע אויסוואָרפנ... איכ בינ אנ ערלעכער ארבעטער... דער סאָציאליסטישער סינדיקאט (פּראָפּאריינ) הייסט ניט שטרייקנ... ס'איז איצט א קריזיס אונ א גרויסע ארבעטלאָזי־קייט, די באלעבאטימ קאָנענ איצט נישט העכערנ דעמ ארבעטלוינ... מאלע וואָס די קאָמוניסטנ ווילט זיכ! דאָ איז נאָכ דערווייל נישט רוס־לאנד...

מיכקע האָט שוינ איצט ניט געשוויגנ. מיט פעסטער פּיאָנערישער אנטשלאָסנקייט האָט ער צוריקגעוואָרפנ דעמ טאטנס בייזע רייד:

— הער זיכ איינ, טאטע, איכ בינ שוינ ניט קיינ קליינינקער, דו מעגסט מיכ אויסהערנ. אומזיסט האָסטו ראכמאָנעס אפ דיינע באלעבאטימ, נעבעכ. דו ווייסט מיסטאמע נישט, אז דיינ אָרעמער באלעבאָס האָט ערשט מיט א פּאָר טעג צוריק געקויפט א נייעמ גרויסנ פּאלאצ מיט א פּארק אפ אווענידא־אלוועאר!.. אונ דאָס, וואָס די „סאָציאליסטנ” הייסנ נישט שטרייקנ, טוענ זיי דאָס דערפאר, ווייל זייער סינדיקאט האָט שוינ זיכ פארקויפט צו די פאבריקאנטנ. דו האָסט דענ ניט געזעענ אינ אונדזער צייטונג מיט עטלעכע טעג צוריק די פאָטאָגראפיע פונעמ טשעק, וואָס דער פאבריקאנטנ־פאריינ האָט אָנגעשריבנ אפנ נאָמענ פונ ענריקע גאָנ־סאלעז, דעמ גענעראל־סעקרעטאר פונעמ סאָציאליסטישנ פאריינ?..

באָרעכ האָט אופגעזאָטנ:

— שווייג דו, שנעק איינער! דו גייסט מיכ לערנענ?! אנ אנדערער אפ דיינ אָרט וואָלט אזא טאטנ אפ די הענט געטראָגנ! דעמ טאטנ דיינעמ איז נישט שווער צו ארבעטנ, ווי אנ אָקס, באטאָג אונ באנאכט, אבי נאָר דיר, דעמ בעניאָכעד זיינעמ זאָל גאָרנישט נישט אָפּגיינ, אונ דו אָרדנסט מיר נאָכ איינ סקאנדאלנ מיט הונגער־שטרייקנ... איכ בינ נישט קיינ שטרייקברעכער! איכ טראָג אפ זיכ א פאמיליע אונ קרענק איבער איר... איכ בינ אנ ערלעכער ארבעטער! די סאָציאליסטנ הייסנ נישט שטרייקנ...

מיכקע האָט אימ שארפ א וואָרפ געטאָנ אינ פּאָנעמ:

— דיינע סאָציאליסטנ זיינענ קיינ סאָציאליסטנ נישט. זיי זיינענ אלע שטרייקברעכער, אונ דו ביסט אויכ א שטרייקברעכער!

אונ מער האָבנ שוינ מיכקעס נערווונ ניט אויסגעהאלטנ. ער האָט זיכ צעכליפּעט, אונ וויינענדיק האָט ער געברומט:

— איכ דארפ נישט אזא טאטנ!.. שטרייקברעכער!

באָרעכ האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ מיכקענ:

— איך וועל דיך צעמיימעסן! איך וועל דיר ווײַזן, ווי צו ריידן מיט א טאטן!.. איך וועל דיר מיט קולעקעס ארויסשלאָגן די פײַנע טוירע, וואָס די פּיאָנערוקעס דײַנע האָבן דיר אין מויעך אָנגעקלאפּט!..

די מאמע האָט זיך ארײַנגעוואָרפן אינמיטן, צווישן טאטן און זון. זי האָט זיך מיט אלע קויכעס אָנגעהאנגען באם מאן אפן האלדז און אים צוריק געשלעפּט פון זון:

— באָרעך, בארויִק זיך! וואָס ביסטו הײַנט געקומען אהיים א מעשוגענער! מיר דוכט זיך אויך, אז דאָס קינד איז ניט אינגאנצן אומגערעכט...

— דו אויך?! — האָט באָרעך, מיד פון בייזקײַט און אופגערעגטקײַט, ארויסגעברומט און שווער זיך אראָפּגעלאָזט אפ א דערבײַיִק בענקל.

און דערווײַל האָט אין טיר עמעצער אָנגעקלאפּט. ס'איז ארײַן זעליק גוטמאן, באָרעכס אן אמאָליקער כאווער, וואָס האָט געארבעט מיט אים אין איין פאבריק און האָט איצט, ווי טויזנטער אנדערע ארבעטער, געשטרײַקט.

— גוטן אָוונט, באָרעך! וואָס ביסטו עפּעס אזוי מיד און צעהיצט? — און באלד איז ער, זעליק, צוגעטראָטן גלײַך צו דער זאך, צוליב וועלכער ער איז געקומען:

— דעם לעצטן נומער „מעבל־ארבעטער” האָסטו שוין געזען? יאָ? ס'איז מיר א ביזויען, אז מײַנער א כאווער זאָל זײַן אפ איין צעטל מיט אלערליי פּאסקודניאקעס און פּארקויפטע פּעל... הער זיך אײַן, באָרעך! וואָס געווען איז געווען — און אויס! דו האָסט זיך געלאָזט פּארפירן פון די געלע פּארעטער, אָבער גענוג! דו ביסט דאָך נישט קיין נאר און נישט קיין בורזשוי. דו פּארשטייסט דאָך אליין, מיר זײַנען דאָך אלע ארבעטער, און מיר שטרײַקן דאָך נישט בלויז דערפאר, ווײַל מיר ווילן טוׂן אפּצולאָכעס די „סאָציאליסטן”... מיר שטרײַקן פּאר א גרעסער שטיקל ברויט פּאר אונדזערע קינדער. און דו העלפסט דײַנע באלעבאטים דאָס לעצטע שטיקל ברויט פון אונדזער מויל ארויסרײַסן...

באָרעך האָט זיך אָנגעצונדן:

— נאָך א באָלשעוויצקער אגיטאטער אפ מײַן קאָפּ! גיב זיך די הענט מיטן טײַערן בעניאָכעד מײַנעם! כ'האָב אליין א קאָפּ און בין דיר מויכל דײַנע גוטע אייצעס!..

זעליק האָט זיך נאָך א ווײַלע געפּרוווט אײַנשמועסן מיט באָרעכן, אים איבערצײַגן, ער זאָל שוין מאָרגן צו דער ארבעט נישט ארויסגיין און ער

זאָל בעסער זיך אנטשולדיקן פארן רעוואָליוציאָנערן פראָפאריין און אויס־קויפן זײַן זינד. דאָס קען ער טון, ווען ער זאָל מאָרגן באגינען גיין צוזאמען מיט אים, זעליקן, זיך שטעלן בא די טויערן פון פאבריק און ניט ארײַנלאָזן אהין קיין שטרײַקברעכער.

נאָך זעליקס רייד זײַנען אומזיסט געפאלן אף באָרעכס אָפגעטעמפטן קלאסן־באוווסטזײַן, ווי עס פאלן אומזיסט די בעסטע זריע־קערנער אף א הארט נישט־אופגעאקערט פעלד.

און מיכקע האָט זיך דערווײַל געפאָרעט בא דער שאפקע, שנעל האָט ער צונויפגעלייגט עפעס א פעקעלע און פארפאקט אהין אויך זײַן טעקע מיט די ביכער און העפטן. אלע דרײַ דערוואקסענע זײַנען געווען פארטיפט אין דער הייסער דיסקוסיע ארום שטרײַק און שטרײַקברעכער און נישט באמערקט, מיט וואָס דאָס יינגל איז פארנומען.

נאָכדעם האָט זיך זעליק א הייב געטאָן:

— הייסט עס, באָרעך, אז מיר צעגייען זיך, ווי סאָנים? אז איך וועל שוין מער קיינמאָל דײַן שוועל נישט אריבערטרעטן?

און ער האָט זיך געלאָזט צו דער טיר.

— ווארט צו, כאווער זעליק! — האָט מיכקע גענומען דאָס פעקל, — איך גיי אויך מיט אײַך. איך דארף נישט אזא טאטן!..

דאָס איז געזאָגט געוואָרן אזוי פלוצלינג און אומגעריכט, אז נישט באָרעך און נישט די מאמע האָבן נישט געהאט קיין צײַט צו באטראכטן, וואָס דאָ קומט פאָר. באָרעך האָט בלויז מיט דערשטוינונג איבערגעפירט די אויגן זײַנע פונעם זון אף דער מאמען און זיך געטראָפן מיט פאר־צווייפלטער שרעק אף איר שטארק בלייך געוואָרענעם פּאָנעם.

די טיר הינטער זיי האָט זיך פארמאכט מיט א בייזן האסטיקן קלאפ.

באָרעך האָט גיפטיק א געדיכטן שפײַ געטאָן.

די מאמע האָט זיך צעוויינט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

א פריש אָוונטיק ווינטל האָט קיל און פרילינגדיק־שמעקעוודיק א גלעט געטאָן זעליקן און מיכקען איבער די הייסע רויט־אופגערעגטע באקן.

גלײַך, באם ארויסגיין אף דער גאס, האָט זעליק, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, א נעם געטאָן בא מיכקען זײַן קליין אָרעם קלומעקל, עס גע־נומען אונטערן אָרעם און אוועקגעשפאנט פאָרויס, איבערן רוישיקן, מיט

מענטשנ פארגאָסענעמ טראָטואר. ער איז געגאנגענ פאָרויס, אזא הויכער אונ ברייטפלייציקער, אונ הינטער אימ, א הויכינקער אונ דינער, האָט נאָכגעשפאנט מיכקע. אינעמ אומרו פונעמ גרויסשטאָטישנ מענטשנ־געפלאָנטער אונ טומל האָט מיכקע הינטער זעליקס פלייצעס אויסגעזענ, ווי א יונג ביימעלע, וואָס האָט זיכ צונויפגעכאווערט מיט א מעכטיקנ ברייט־צעוואקסענעמ דעמב אונ שיצט זיכ הינטער אימ פונ אנ אָנקומענדיקנ שטורעמ...

אז זיי זײַנענ צוגעקומענ צומ טראמוויַ־אָפּשטעל, ווו ס'האָבנ געווארט זייער אסאכ מענטשנ, האָט זעליק אָנגענומענ מיכקענ בא דער האנט, ווי ער וואָלט מוירע האָבנ, אז אינעמ טומל זאָל דעמ ייִנגל קיינ שלעכטס ניט געשענ, ער זאָל זיכ נישט פארלירנ אינעמ געדרויש אונ הו־הא. זעליק האָט מיט זײַנ ברייטער הארטער האנט צונויפגענומענ מיכקעס קליינע דינע פינגער — אונ מיכקע האָט דערפילט נישט נאָר די מאָזאָליעדיקע הארטקייט פונ זעליקס האנט, נאָר אויכ אזא מינ ווויל גלעטנדיקע צערטלעכקייט...

אונ אז ער האָט זיכ ארײַנגעקוקט אינ זעליקס טונקעלע, אביסל אומעטיקע אויגנ, האָט ער דערזענ, ווי א ווארעמער, גוטער שמייכל צעפליסט זיכ פונ זיי אונ מאכט ליכטיקער דאָס לענגלעכע דארע פּאָנעמ אונ צעעפנט עטוואָס די ווינקלענ פונ די אביסל פארטריקנטע אונ בלייכלעכ געוואָרענע ליפנ...

מיכקע האָט דערפילט אינ הארצנ א ווארעמע כוואליע פונ פרייד. די כוואליע איז געוואָרנ נאָכ העלער אונ ווארעמער, ווענ זעליק האָט אימ פלוצלינג א זאָג געטאָנ:

— ביסט א ווילער יאט! מירנ האָבנ נאכעס פונ דיר...

אונ איידער מיכקע האָט נאָכ באוויזנ צו פרעגנ, ווער זײַנענ עס די „מיר”, האָט זעליק צוגעגעבנ:

— מיר, די ארבעטער, דער ארבעטער־קלאס...

אונ אז אינ דער אָוונטיקער ווײַטקייט פונ דער גאס האָבנ זיכ נאָכ אלץ נישט צעשימערט די פײַערנ פונעמ טראמוויַ, האָט זעליק א זאָג געטאָנ:

— ווי מיינסטו, זונ מײַנער, עפשער וואָלטנ מיר זיכ דערווײַלע גאָר ארײַנגעכאפּט אינ א קאפע אויסטרינקענ א גלאָז קאווע מיט עפּעס? מיר האָבנ נאָכ, דוכט זיכ, הײַנט ביידע נישט געגעסנ!

אונ ער האָט גענומענ זוכנ קליינגעלט אינ אלע קעשענעס — פונעמ

גרויען אָפּגעטראָגענעם רעקל מיט די קורצגעוואָרענע ארבל, פון די הויזן, וואָס זײַנען אין די קניִען אויסגעלאָטעט געווען.

געזוכט — און נישט געפונען און, ווי שולדיק אין עפּעס, אראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ און א שמייכל געטאָן.

און מיכקע האָט עפּעס זיך דערפילט ניט גוט. ער האָט דערפילט הונגער. נישט ער, מיכקע, איז איצט הונגעריק געווען, נאָר זעליקס הונגער האָט ער דערפילט, און ס'האָט אים ווי געטאָן.

דערווײַל איז אָנגעקומען דער טראַמוויי. אין דער גרויסער שפּאַרע־ניש האָט זעליק אים, מיכקען, לײַכט א הייב געטאָן אין דער הייך און ארויפגעשטעלט אפן טרעפּל...

מע איז געפאָרן לאנג. מיכקע איז די גאנצע צײַט געשטאנען הינ־טער זעליקן און געקוקט אים אין רוקן מיט גרויס ליבע און אכטונג. און אָפּט האָט ער א טראכט געטאָן, אז ס'וואָלט געווען אזוי גוט, ווען זעליק זאָל אים עפּעס דערציילן, דערציילן ווי א גרויסן. ער האָט דאָך אזויפיל וועגן וואָס צו דערציילן! ער האָט דאָך שוין אין זײַן פערציקיאָריקן לעבן אזויפיל שטרײַקן אָנגעפירט און פערצן מאָל שוין געווען בא דער פּאָליציי אין די הענט... „אָט ווער עס איז א גליקלעכער, — האָט מיכקע זיך געטראכט, — דאָס איז מענדל, זעליקס יינגל: ער האָט אזא טײַערן העלדישן טאטן!"

עס האָט זיך אים בייסמײַסע דערמאנט דער אייגענער טאטע. נאָר ער האָט איצט נישט געוואָלט טראכטן וועגן אים. „ער איז מער נישט מײַן טאטע!" — האָט מיכקע געזאָגט צו זיך אליין און געטריבן פון זיך דעם געדאנק וועגן זײַן טאטן, ווי מע טרײַבט פון זיך א שלעכטע אײַנגעגעסענע פליג... נאָר אפ דער מאמען האָט אים ווי געטאָן: זי מוז נאָך דאָרטן אוואדע זיצן איצט און וויינען...

דער טראַמוויי האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווײַט פון זעליקס דירע. אין א פּאָר מינוט ארום האָט זעליק אָנגעקלאפּט אין זײַן טיר. ס'האָט געעפנט א מיטלוווקסיקע בלאָנדע פרוי, און אריבערשפּרײַזנדיק די שוועל, האָט זעליק צו איר א זאָג געטאָן, ווײַזנדיק אפ מיכקען:

— כ'האָב דיר געבראכט נאָך א זון, שיינדל, א ווילן, א טײַערן זון!

די פרוי האָט מוטערלעך א שמייכל געטאָן:

— אן אויסגעוואקסענעם זון און נאָך דערצו א ווילן — איז זייער גוט...

## .3

די פארזאמלונג פונעם פיאָנערן־רינג, צו וועלכן מיכקע האָט געהערט, איז פאָרגעקומען אינ שטאָטישנ זאָאָלאָגישנ גאָרטנ. דער גאָרטנ איז זייער א גרויסער, פארנעמט עטלעכע קוואדראטע קילאָמעטער, און באַ די ברעגנ זײַנע האָט ער אסאך פרײַע, געדיכט באגראָזיקטע פלעצער, ווו מע קענ אומגעשטערט זיכ צעלייגנ און דורכפירנ אנ ארבעט. אהער דערגייט נישט דער טומל פונ די טויזנטער באזוכער, וואָס קומענ איצטער, אָנהייב פרילינג אינ גאָרטנ. זעלטנ ווער דערגייט אהער אפ די ברעגנ זײַנע. דער גאנצער טומל און ענגשאפט איז אינעמ צענטער פונעם גאָרטנ: באַ די ריזיקע, הויכע גרויע שטיינערנע געבײַדעס, פונ וועלכע עס שפאנענ שווער ארויס און ווהינ עס ווערנ צוריק פארשווונדנ. די זאמדיק־גרויע ריזנ—די העלפאנדנ; אָדער באַ די לאנגע געשטײַגלטע פאוויליאָנענ, ווו אלערליי מינימ מאלפעס אינ דער וועלט שטיפנ און באווײַזנ שפרינגעוודיקע קונצנ. א גרויסער אוילעמ באלאגערט שטענדיק אויכ די דראָטיק־געפלאָכטענע הויכע פאוויליאָנענ מיטביימער און קינסטלעכע פעלדזנ אינדערמיט, אפ וועלכע עס היפענ אומ הונדערטער מינימ פייגל און גלאנצנ אפ די זונ־פלעקנ מיט זייערע טויזנטער קאָלירנ... דאָ איז זייער אינטערעסאנט, און ס׳וואָלט געלוינט זיכ דאָ אָפצושטעלנ אפ א שטיקל צײַט און זיכ צוקוקנ צו די אלערליי גרויסע און קליינע ציקאווע באַשעפענישנ. מיכקע טוט עס טאקע גאנצ אָפט, אָבער... נישט הײַנט. הײַנט לויפט ער פארבײַ דידאָזיקע אלע פאוויליאָנענ גאנצ שנעל — און קומט צו איינעמ פונ די סאמע פארוואָרפנסטע, פארוואקסענע פלעצער אפנ ראנד גאָרטנ. דאָ טרעפט ער שוינ, צעלייגט אפנ גראָז, קימאט דעמ גאנצנ רינג זײַנעמ. פונקט, ווי ער, האָבנ אלע יאטנ, גלײַכ פונ שול, נאָכ מיט די ביכער אונטערנ אָרעמ, געײַלט אהער, אפ דער פארזאמלונג באמ ברעג טײַכל.

דאָ איז פריש, שמעקעוודיק און קיל־ווינטיק.

פופצנ יאטנ און יאטעכעס ארגענטינער, איטאליענער, שפאניער, ייִדנ צעזעצנ זיכ אינ א קרײַז, און די פארזאמלונג הייבט זיכ אָנ.

מיכקע פילט זיכ נישט גוט. יאטנ קוקנ אפ אימ מיט פארדראָס אינ די בליקנ. ס׳טרעפט, אז עמעצער פונ די יאטנ שטעלט אפ אימ לענגער אָפ א פאָר שארפע פאָרשנדיקע אויגנ און האלט זיי אפ אימ לאנג, אזעלכע קאלטע און האלב־פרעמדע... מיכקע באמערקט מיט פארדראָס, אז ארומ

אים איז א פרײַער פּלאַץ. כעוורע טוליעט זיך איינער צום צווייטן, אָבער נישט צו אים, און מיכקע ווייסט, ווער עס איז שולדיק אין דעם: בא די יאַטן אין די קעשענעס שטעקט דער לעצטער נומער „מעבל־אַרבעטער״, דער נומער מיטן שוואַרצן רעמל, און אין שוואַרצן רעמל— מיכקעס טאַטע!

.4

ווי נאָר דער רינג־אָנפירער עפנט די פאַרזאַמלונג, דערלאַנגען זיך א ציִ צו אים הענט. קליינע שטײַפע ברוינע הענט ציִען זיך אומגעדולדיק נאָך א וואָרט. די הענט ציִען זיך צום פאָרזיצער, און די אויגן טוען זיך האַסטיק א דריי אויס צו מיכקען.

ס׳בעט א וואָרט גרעגאָריאָ, וואָס זײַן טאַטן האָבן הײַנט פּאָליציסטן און שטרײַקברעכער צעשלאָגן בא דער פאַבריק.

ס׳וויל א וואָרט כואַניטאַ, וואָס איר טאַטן האָט מען הײַנט באַנאַכט פון בעט אַרויסגעשלעפּט און אַרײַנגעשפּאַרט אין בלויען פּאַרגראַטיקטן פּאָליציי־אַווטאָ. ס׳וויל אומבאַדינגט עפּעס זאָגן לייבקע, וואָס דעם עלטערן ברודער זײַנעם זוכט שוין די פּאָליציי עטלעכע טעג און קען אים נישט געפינען...

ס׳דאַרפן עפּעס נייטיקס זאָגן כאַיִם, מערי, ענריקע, כאָסע... אַלע ווילן עפּעס זאָגן, נאָך איידער די פאַרזאַמלונג וועט צוטרעטן באַהאַנדלען איר אָנגעמערקטע טאָג־אָרדענונג. נאָר ס׳וויל אויך א וואָרט מ י כ ק ע. און ער וויל טאַקע שוין, דער ערשטער. ער האָט, זאָגט ער, צו מאַכן זייער א וויכטיקע דרינגענדיקע מעלדונג, אַן אויסעראָרדנטלעכע מעלדונג דער פאַרזאַמלונג.

און ער באַקומט דאָס ערשטע וואָרט.

אַלע פּענעמער דרייען זיך אום אין זײַן זײַט, אַלע אויגן שטעלן זיך אָפּ אף אים. און ער שטעלט זיך אוף און דערקלערט:

— כאַווײַרים, אַלע האָט איר געלייענט דעם לעצטן נומער „מעבל־אַרבעטער״, אַלע האָט איר געלייענט אין שוואַרצן רעמל דעם נאָמען באָרעך וויטקעס. דערקלער איך אײַך דאָ, אף מײַן פּיאָנעריש וואָרט, אַז דערדאָזיקער באָרעך וויטקעס, דער שטרײַקברעכער, איז שוין מער נישט מײַן טאַטע... נעכטן בין איך אוועק פון דער היים. איך בין אוועק צום כאַווער ז ע ל י ק ג ו ט מ אַ ן, דעם מיטגליד פון שטרײַק־קאָמיטעט. איך וועל זיך אַהיים מער נישט אומקערן.

מיכקע האָט געענדיקט. כעוורע אפלאָדירן. דער קרײַז ארום מיכקען ווערט אלץ ענגער און ענגער...

נאָר די יאטן, וואָס האָבן פריִער געשיקט זייערע הענט נאָך א וואָרט, ווילן נאָך אלץ עפּעס זאָגן, און זיי באקומען ווערטער, לויט אן אײַנגעשטעלטער ריי.

גרעגאָריאָ לייגט פאָר:

— ארויסלאָזן א ספּעציעל פּיאָנעריש בלעטל, וווּ עס זאָל זיך דערציילן וועגן מיכקעס דרייסטן, עכט־פּיאָנערישן טאט...

כואניטא מיינט, אז מע דארף דורכפירן א געלט־זאמלונג צווישן די פּיאָנערן און געבן דעם כאווער זעליק גוטמאן אביסל געלט אפּ אויסצוהאלטן דערווײַלע דעם נײַעם זון זײַנעם...

לייבקע זאָגט, אז מיכקע האָט זיך פארדינט, מ'זאָל אים פאר דער באשטימטער צײַט איבערגעבן אין קאָמיוג...

און דער קרײַז ארום מיכקען ווערט אלץ ענגער, ווארעמער און ליבער...

אז די פארזאמלונג האלט שוין אין באטראכטן דעם פּלאן פאר מאָרגנדיקער ארבעט, אז מע האלט שוין אין אויסטיילן פּאָרלעך, וואָס זאָלן מאָרגן אינדערפרי גיין צו די פארשטרײַקטע מעבל־פאבריקן ווארפן פּראָפּאגאנדע־בלעטלעך און ניט דערלאָזן אהין קיין שטרײַקברעכער, — אז מע האלט שוין אינמיטן פון זאכלעכער ערנסטער ארבעט, באמערקט איינער פון די יאטן, אז ניט ווײַט פון זיי אין הויכן גראָז ליגט א יונגערמאן, אן ארגענטינער, א גוט־געקליידטער און לייענט א קאָמוניסטישע צײַטונג.

כעוורע בלײַבט באלד אפּ א רעגע שטיל. און גלײַך דערנאָך הייבן זיי אָן אלע אפּ א קאָל זינגען עפּעס א פּראָסט פארשפּרייט ארגענטינער גאסן־לידל, וואָס געוויינלעך זינגען דאָס די בוי־סקאוטן... און שטילינקערהייט ווארפט מען זיך איבער מיט ווערטער.

— א שפּיאָן...

— און די צײַטונג?..

— ס'איז אומיסטן, צו פארדרייען א קאָפּ...

— ווען איז ער צוגעגאנגען?..

— וויִאזוי האָבן מיר עס ניט באמערקט!..

— ער האָט אלץ געהערט...

דער יונגערמאן קומט צו נעענטער:

— א גוטנ טאָג, כעוורע! מע פאַרבּרענגט, הא? — און ער זשמורעט ביטרע א גרוי שארפ אייגל. — דאָ איז סאמע גוט אפ פארזאמלונגען... אומעטום קוקט מענ נאָכ... איר זעט? — און ער באווײַזט די צײַטונג. — אונדזערע א צײַטונג, אז סע ווילט זיכ לייענען, מוז מענ אויכ זיכ ערגעצ באהאלטנ, אָט אזויווי איר...

מערי דערקלערט אים, אז זי פארשטייט גאָרנישט, וואָס ער רעדט, און, אז געקומענ אהער זײַנענ זיי גאָר נישט אפ קיינע פארזאמלונגען. זיי גרייטנ דאָ נאָר זייערע לעקציעס פאר דער שול אפ מאָרגנ: ער וויל וויסנ פונ וואָס פאר א שול זיי זײַנענ? ביטע שוינ... פונ דער שול אפנ נאָמענ פונ גענעראל סאנ מארטינ.

כעוורע האלטנ קוים אײַנ דעם שמייכל. . .

דער יונגערמאנ איז אביסעלע אנטוישט:

— אבי איכ האָב געמיינט, אז איר זײַט פּיאָנערנ און איר אינטערעסירט זיכ מיטנ סטאָליער־שטרײַק, בינ איכ צו אײַכ צוגעגאנגענ. איכ אליינ בינ א שטרײַקער, א קאָמוניסט...

דער קליינער פלינקויגיקער כאָסע באקוקט פונ א זײַט דעם יונגנמאנס שיינעם קאָסטיום און גלאט געראזירט פעט פּאָנעם און טוט זיכ אזוי א זאָג:

— אבי מ׳האָט מיר געזאָגט, אז די קאָמוניסטנ גייענ אָרעם אָנגעטאָנ און זעענ שלעכט אויס...

— און דו אליינ קענסט גאָר קיינע קאָמוניסטנ ניט? — אינטערעסירט זיכ דער יונגערמאנ. — ווו ארבעט דײַנ טאטע?

— מײַנ טאטע איז א פּאָליציי־קאָמיסאר, — ענטפערט גאנצ ערנסט כאָסע, און די כעוורע האלט קוים אײַנ זייער געלעכטער.

דער יונגערמאנ באהאלט די צײַטונג אינ בוזעמ־קעשענע און גייט אָפּ. די יאטנ פארענדיקנ שטיל און שנעל זייער ארבעט און צעגייענ זיכ גרופּעסווײַז אינ פארשיידענע זײַטנ. מיכקע גייט ארויס פונ זאָאָלאָגישנ גאָרטנ... באמ טראמוויי־אָפּשטעל איז דאָ שטענדיק זייער א גרויסע שטופּעניש. מיכקע קריכט קוים ארײַנ אינ א געפּאקטנ טראמוויי און פּאָרט אהיימ צו זעליקנ. אז מע פאָרט אָפּ א שטיקל וועג, באמערקט ער, ווי ניט ווײַט פונ אימ אינ וואגאָנ שטייט דער דיקער גוטגעקליידטער יונגערמאנ. ווײַזט אויס, אז ער איז ארײַנ דורכ דער פאָרנטיקער מאָטאָר־פּלאטפאָרמע, דורכ וועלכער עס גייענ געווייגלעכ די אָפענע און געהיימע פּאָליציי־אָגנעשטעלטע. מיכקענ איז קלאָר, אז איצטער צו זעליקנ טאָר מענ ניט

פאָרנ. דאָרטנ קענ איצט פונקט זײַנ א זיצונג פונ שטרײַק־קאָמיטעט, אונ דער גאסט קאָנ אָנקומענ אהינ צוגלײַכ מיט אימ... באטראכט עפּעס מיכקע אונ טוט שטיל א שמייכל צו זיכ אלײנ. ער פאָרט פארבײַ די גאס, ווו זעליק וווינט, אונ פאָרט ווײַטער, ווײַטער. ער גייט אראָפּ לעבנ זײַנעמ א שול־כאווער, א קרעמערס זונ, וואָס לערנט צוזאמענ מיט אימ אינ איינ קלאס אינ דער רעגירונג־שול.

מיכקע קלינגט אָנ אינ דער שיינ־געשניצטער, גלאנציק־שווארצער פאראדנער טיר. א שווארצע דינסט, א נעגערנ, עפנט אימ:

— ראָבערטאָ איז דאָ? — פרעגט מיכקע, — אונ אינ א רעגע ארומ זיצט ער שוינ מיטנ שטײַפנ געזונטנ ראָבערטאָ אינ קינדער־צימער אונ דערקלערט אימ, אז ער, מיכקע האָט הײַנט ערגעצ פארלאָרנ דאָס לערנ־בוכ אפ געשיכטע, איז ער געקומענ צו אימ, ראָבערטאָנ, ער זאָל אימ געבנ דאָס ביכל א קוק צו טונ א ווײַלע, ער זאָל מאָרגנ זיכ ניט „אוועק־זעצנ" אפ געשיכטע, אז דער לערער וועט אימ ארויסרופנ...

אונ אז ביידע יאטנ זיצנ שוינ אונ לערנענ געשיכטע, דערהערט זיכ א האסטיקער קלונג אינ טיר. דורכ דער אָפענער טיר דערהערט מיכקע, ווי א באקאנט קאָל פרעגט בא דער דינסט:

— דאָ וווינט דער הער זעליק גוטמאנ?

אונ נאָכדעמ זעט ער, מיכקע, דורכנ פענצטער, ווי דער באקאנטער יונגערמאנ גייט אוועק פונ דער שיינ־געשניצטער שווארצ־גלאנציקער פאראדנער טיר, גייט אוועק אנ אנטוישטער אונ באטאפּט מיט די פלינקע אויגנ אלע ארומיקע טירנ אונ הײַזער.

מיכקע קוקט אינ דער „געשיכטע" ארײַנ אונ צעלאכט זיכ פלוצלינג. ראָבערטאָ קענ בעשומויפנ נישט פארשטיינ, פונ וואָס איז דאָ פאראנ צו לאכנ: דוכט זיכ, אזא ערנסטער קאפּיטל — וויאזוי דער גענעראל באליוואר האָט זיכ געשלאָגנ מיט די שפּאניער...

באנאכט איז בא זעליק גוטמאנענ פאָרגעקומענ א זיצונג פונ שטרײַק־קאָמיטעט. מע האָט אויסגעהערט א באריכט וועגנ דעמ גאנג פונ שטרײַק. מיכקע איז געזעסנ אינ א ווינקל אינ צימער אונ זיכ געסטארעט נישט צו פארלירנ קיינ איינ וואָרט פונ דעמ אלעמענ, וואָס ער האָט דאָ געהערט.

ארומ טיש זײַנענ געזעסנ א האלב צענדליק מענטשנ מיט שטרענגע אויסגעמאטערטע פּנעמער. מע האָט גערעדט אונ גערויכערט, גערויכערט אונ גערעדט. דאָס צימערל איז געווענ איבערפולט מיט רויכ. דאָס מאטעווע

עלעקטרישע לעמפּל האָט אויסגעזען, ווי א קליינינקע לעוואָנע, וואָס שווימט דורך העל־גרויע און בלוילעכע נעפּלען.

מיכקע איז שטאַרק צופרידן געווען מיטן באריכט: דער שטרייק איז שוין קימאט א געווונענער. און מאָרגן איז דאָך ערשט דער אכ־טער טאָג! עס שטרייקן זעקס טויזנט ארבעטער. קימאט אלע ארבעטער פונעם סטאָליער־פאך. די באלעבאטים וואקלען זיך שוין. זעליק זאָגט, אז דער באלעבאטים־פאריין וועט אינגיכן איינפאלן, ווי ס׳פאלט איין א בוים, וואָס מ׳האָט אין שטאם זיינעם לאנג געזעצט מיט א גרויסער און שארפער האק... מיכקע ווייסט, אז די האק, וועגן וועלכער זעליק רעדט, — דאָס איז דער אלגעמיינער גוט־געפירטער שטרייק. זעליק זאָגט, אז די באלעבאטים זיינען שוין געניגט נאָכצוגעבן די גרונט־פאָדערונגען: העכערן דעם לוין אף 20 פּראָצענט און אָנערקענען דעם רעוואָליוציאָ־נערן פּראָפאריין אלס איינציקן פאריין פון די מעבל־ארבעטער. עס איז נאָר א צאָרע דאָס, וואָס בא גרינבערגן, דעם פּאָרזיצער פון באלעבא־טים־סינדיקאט שטייט נאָך נישט די פאבריק. ער האָט צונויפגענומען מיט דער הילף פון די „סאָציאַליסטן״ א בינטל סאמע איינגעזעסענע שטרייק־ברעכער, און די פאבריק זיינע ארבעט אונטער א שטארקער וואך פון פּאָליציי. קוקן די איבעריקע באלעבאטים אפן אָנפירער זייערן, אף גרינ־בערגן: מיט וואָס וועט זיך ענדיקן זיין דרייסטע, אָבער געפערלעכע שפּיל. איז דאָך קלאָר: מע מוז גרינבערגס פאבריק אָפּשטעלן און טאקע מאָרגן נאָך!

מיכקע קאָן גוט גרינבערגס פאבריק. ער איז דאָרטן אסאך מאָל גע־ווען מיטן טאטן, מיטן געוועזענעם טאטן זיינעם...

אף מאָרגן אינדערפרי איז צו גרינבערגס פאבריק צוגעגאנגען א גרויסע גרופּע שטרייקער. אף די טראָטוארן פון די נאָענטסטע גאסן האָבן זיך געזאמלט נאָך הונדערטער שטרייקער. אָפּגעריסענע, פינצטערע און דרייסטע האָבן זיי גרופּעסוויין זיך ארומגעדרייט בא די וויטרינעס פון די רייכע מאגאזינען, קלוימערשט געקוקט אף די אויסגעשטעלטע סכוירעס און מיט אָנגעשטרענגטע אויערן זיך צוגעהערט צו דעם פּולס פון דער נאָענטסטער גאס, וווּ ס׳האָט געדרוישט די שטרייקברעכערישע פאבריק...

דער רייטער־פּאָליציי־פּאטרול האָט פארצוימט דעם וועג צו דער פאבריק.

— צעגייט זיך! צעגייט זיך מיט גוטן, איידער מיר לאָזן אין גאנג די קאנטשיקעס און רעוואָלווערן!

די שטרײַקער האָבן נישט אָפּגעטראָטן:

— לאָזט אונדז אַרײַן! מיר דאַרפן רײדן מיטן באַלעבאָס!

און אין גערדיכטע רייען האָבן זיי זיך געריסן צו די טויערן פון פאַבריק. מיכקע מיט אַלע יאַטן פון זײַן רינג האָבן זיך אויך אײַנגעפּלאָכטן אינעם אַלגעמיינעם טומל, געוואָרפן אין די פענצטער פון פאַבריק דראָענדיקע אויסגעשרייען: „שטרײַקברעכער! פאַרעטער!" און צומאָל באַגלייט דידאָזיקע אויסגעשרייען מיט גוט געצילטע שפּיציקע שטיינער.

אינדערלויפטן האָט אופגעריסן דער ערשטער פּאָליציישער שאָס...

פון די זײַטיקע נאָענטע גאַסן האָבן נאָכן שאָס, ווי נאָך אַ סיגנאַל, אַ שפּאַר געטאָן מאַכנעס שטרײַקער. מיט הייסן רעוואָלוציאָנערן אימפּעט האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן ארויסראטעווען זייערע אָנגעגרײַפטע קלאַסנברידער. די גאַסן־באַוועגונג לעבן דער פאַבריק איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. פון די אָפּגעשטעלטע טראַמווײַען זײַנען ארויס אַרבעטער און זיך אײַנגעשלאָסן אינעם פאַרביסענעם קאַמף מיט דער ווילד־געוואָרענער פּאָליציי.

ערטערווײַז האָבן זיך באַוויזן איבערגעקערטע טראַמווײַען און אויטאָמאָבילן. אינעם צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי האָבן זיך גענומען אופהייבן די ערשטע באַריקאַדעס...

און דערווײַל האָט זיך אַ גרופּע שטרײַקער אַרײַנגעריסן אין פאַבריק. דאָרטן האָט זיך פאַרבונדן אַן עמעסע שלאַכט! די שטרײַקברעכער האָבן באַגעגנט די אַרבעטער מיט אַ שיסערײַ... קופּעס מענטשן האָבן זיך צונויפגעקנוילט. מע האָט זיך פאַרטיידיקט און געשלאָגן, מע האָט געשלאָגן מיט האַמערס, העק, הובלען און שטיקער האָלץ. מיט אַ גרילצנדיקן גלעזערנעם בריאזג זײַנען געפאַלן און זיך געשמעטערט די נײַע שפּיגל־שאָפעס. די שווערע רײַכע דעמבענע טישן זײַנען געפאַלן מיט אונטערגעהאַקטע קני... צעשראָקענע שטרײַקברעכער זײַנען געשפּרונגען דורך די פענצטער...

און אפן גאַס איז געשטאַנען אַ מוירעדיקער געוואָי, אַ מענטשלעכער געוואָי, דורכגעפלאָכטן מיט קורצע אָפּגעהאַקטע רעוואָלווער־שאָסן און פײַפנדיקן געהילך פון גומענע קאַנטשיקעס.

ביז עס איז אָנגעקומען אַ גרויסער געפּאַנצערטער פּאָליציי־אָטריאַד מיט קוילנוואַרפערס און בלויע טפּיסע־אויטאָמאָבילן...

די גאַס איז אָפּגערייניקט געוואָרן פון די שטרײַקער. די בלויע אויטאָמאָבילן האָבן ערגעצוווּ אוועקגעפירט, געפּאַקטע מיט צעמאַזיקטע,

צעשמיסענע ארבעטער. אין גאס איז אריין א מוירעדיקע, דראָענדיקע שטילקייט.

די זון איז דורכגעקראָכן דורך די פּאַלמעס אַף די טראָטוארן און מיט הייסע פינגער זיך גענומען אויסווישן די רויכערדיקע בלוט־שפּריצן אפן אספאלט.

און גרינבערגס פאבריק האָט געשוויגן. א פּוסטע, א פאַרלאָשענע, מיט אויסגעזעצטע שויבן, ווי מיט אונטערגעהאקטע אויגן, איז זי געשטאַנען א שטומע, א בלינדע, אינעם זוניקן און פאַרבלוטיקטן דרויסן.

פון אָוונט איז ארויס אן עקסטרע בלעטל פונעם שטרייק־קאָמיטעט.

אינעם בלעטל האָט זיך דערציילט וועגן בלוטיקן צוזאמענשטויס מיט דער פּאָליציי און שטרייקבּרעכער און אויך וועגן דעם, אז גרינבערג האָט געשיקט רופן א דעלעגאציע פון רעוואָלוציאָנערן פאַריין אַף צו פירן אונטערהאנדלונגען.

אין בלעטל איז שוין געווען אָפּגעדרוקט א צעטל פון פאַרווונדעטע און ארעסטירטע ארבעטער. אינעם צעטל, צווישן אנדערע, איז אויך געשטאַנען מיט פעטן שווארצן שריפט:

„מיכקע וויטקעס, 14 יאָר אלט".

.5

די געשעענישן האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט גיך־גיך, ווי אן איינגעפּרעסטע פּרוזשינע, וואָס מע לאָזט מיטאמאָל אָפּ...

אַף מאָרגן באַטאָג איז בּאָרעכ וויטקעס ארומגעגאַנגען בא זיך איבערן צימער מיט האסטיקע נערוועזע טריט. ער האָט נאָכאַנאַנד געוואָרפן, דער שטערן זיינער איז געווען פאַרוואָלקנט־פאַרקנייטשט. פון צייט צו צייט האָט ער, בּאָרעכ, א בייזן שפּיי געטאָן אין ווינקל צימער:

— טפו, אַף זייערע קעפּ...

אַף וועמען האָט ער עס איצט געשפּיגן מיט אזא בייזקייט?

אפן טיש איז געלעגן דאָס בלעטל, וואָס דער שטרייק־קאָמיטעט האָט נעכטן פון אָוונט ארויסגעלאָזט. די זון איז אריין אין צימער, צוגעגאַנגען צום טיש און מיט א ליכטיקן פינגער געטייטלט אַף איינער א קורצער שורע מיט שווארצן פעטן שריפט:

„מיכקע וויטקעס, 14 יאָר אלט"...

די מאמע איז געזעסן באַם טיש, דעם קאָפּ אַף די הענט אָנגע־שפּאַרט. אַף די אַראָפּגעלאָזטע וויִעס אירע איז געהאַנגען אַ טרער און אַף דער זון געשײַנט, ווי אַ שיטער טראָפּנדל קרישטאָל...

די מאַמע האָט געשוויגן. נישטאָ איצטער מער וואָס צו ריידן. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי אָפּגערעדט און געהאַט טײַנעס צו בערעכן, וועלכער האָט אויך אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. אינדערפרי איז ער, אַ דערשלאָגענער, אַ צעבראָכענער ערגעץ אוועק. אַ פּאָר שאָ נישט גע־ווען אין שטוב און נאָכדעם געקומען אַ נאָכמער דערשלאָגענער, נאָכמער צעבראָכענער, געקומען און גענומען אַזוי אַרומשפּאַנען איבערן צימער. ער שפּאַנט אַזוי אַרום אַ לאַנגע צײַט. און פאַר דער גאַנצער צײַט רעדט ער זייער ווייניק. ער האָט נאָר איין מאָל שטיל אַ זאָג געטאָן:

— ער איז גערעכט געווען, מיכקע...

און ווײַטער באַגלייט ער נאָר יעדן בייזן שפּײַ זײַנעם מיט אַ צוברום:

— טפו, אַף זייערע קעפּ!..

די נעכטיקע געשעעניש אין דער פאַבריק און אַרום דער פאַבריק האָט זיך שטאַרק אַרײַנגעשניטן אין בערעכס געדאַנק און געפיל. ווי אַ שאַרפער אַקער איז זי דורכגעגאַנגען איבערן האַרטן פעלד פון זײַן באַוווסטזײַן און עס אויפגעריסן ווייטעקדיק און טיף.

דאָס טרעפט אַזוי מיט אַ טעמפּן מענטשן. דאָס, וואָס ער פאַרשטייט נישט אַ לעבן לאַנג, דערפילט ער פּלוצים אין איין מינוט, ווען דאָס לעבן וואַרפט זיך אַרויף אַף אים מיט אַ פּלוצלינגער בלוטיקער אַטאַקע.

די מאַמע האָט אים הײַנט געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט דערמאַנט, אַז מיכקע איז גערעכט געווען:

— דו וועסט אַף מיר קיין פאַריבל נישט האָבן, בערעכ. איך ווייס, אַז איצטער טוט דיר וויי... נאָר פאַרוואָס האָסטו עס פריִער נישט פאַר־שטאַנען? דו דערמאָנסט מיר איצטער אָן אַן אָקס... אַן אָקס קען שטיין קאַלטבלוטיק און קוקן, ווי מע טרײַבט זײַן גלײַכן צו דער שכיטע, עס אַרט אים נישט, ער פאַרשטייט נישט. נאָר אַז ער דערשמעקט שוין דעם רייעך פון בלוט, דאַן דערפילט ער שוין, דאַן פאַרשטייט ער שוין און הייבט אויף אַ ווילד געשריי...

בערעכ האָט איר אַף דעם נישט געענטפערט, ער האָט נאָר האַסטיק אַ שפּײַ געטאָן:

— טפו, אַף זייערע קעפּ!

זײַן קלאַסנבאַוווּסטזײַן איז שוין אויפגעאַקערט געווען. ווי טיף אויפ־געהויבענע רויערד, איז ער איצט געשטאַנען אונטער דער בלוטיק־רויטער זון פון זײַן קלאַס און געברענט מיט טויזנט ווייטיקן.

נעכטן האָט ער עס קלאָר און טיף דערזען. פאַר זעליקן, פאַר מיכ־קען, פאַר קאָמוניזם האָבן זיך געשלאָגן אַלע אַרבעטער, אַפילו אַזעלכע, וואָס ער האָט זיי קיינמאָל אין לעבן נישט געזען. פון די טראַמווײַען זײַנען זיי געשפּרונגען און געוואָרפן מיט אימפּעט זייערע יונגע לעבנס אונטער די קאַנטשיקעס פון דער פּאָליציי. זיי אַלע, יונג און אַלט, פרויען און קינדער, האָבן ווי איין גרויסע, ברידערלעכע מישפּאָכע, זיך געוואָרפן אויף אַלגעמיינעם סוינע. און ווער האָט זיך געשלאָגן קעגן זיי? — גרינבערג, דער איבערגעפרעסענער באַלעבאָס, וואָס האָט זיך ערשט די טעג געקויפט, נעבעך, אַ נײַעם פּאַלאַץ. גרינבערג, די פּאָליציי און עטלעכע שטרײַקברעכער, און ער, באָרעך, מיט זיי...

— טפו, אויף זייערע קעפּ!..

אַזױפיל יאָרן איז ער אָפּגעווען אַ פּאַראַדעווער, פאַרכּוישעכטער אַרבעטער און אַלץ נישט פאַרשטאַנען, וואָס מיט אים טוט זיך אויף דער וועלט. ער האָט טאַקע געמיינט, אַז ענריקע גאָנסאַלעז, דער „סאָציאַליסט", דער סעקרעטאַר פון דעם „סאָציאַליסטישן" פאַריין, נעמט זיך אָן די קריוודע פון די אַרבעטער... ער האָט בעסער געגלויבט ענריקען, איידער זעליקן, מיט וועמען ער האָט יאָרנלאַנג געאַרבעט פּלייצע בײַ פּלייצע, בײַ איין וואַרשטאַט. טעמפּ איז ער געווען, באָרעך. ביז ער האָט נישט דערפילט דעם רייעך פון אייגן בלוט, האָט ער גאָרנישט פאַרשטאַנען...

און איצט? אין אַ „פײַנער" לאַגע איז ער אַרײַנגעקראָכן, באָרעך, נישטאָ וואָס צו ריידן... דער שטרײַק איז פאַרענדיקט. דער שטרײַק איז געוווּנען, דאָס איז שוין קלאָר. מיט בלוט און מיט אַסאַך קאָרבאָנעס — אַרעסטירטע, אָבער דער שטרײַק איז געוווּנען. הײַנט נאָך אין אָוונט וועלן די באַלעבאַטים אונטערשרײַבן די פאָדערונגען: זיי גיבן נאָך אַלע פּונקטן, און די שטרײַקברעכער וואַרפן זיי אַרויס פון דער אַרבעט. גע־שאַרט מיט זייערע הענט דאָס פײַער, געשלאָגן מיט זיי, ווי מיט בײַטשן, איבער די קעפּ פון די הונגעריקע אַרבעטער־שטרײַקער, און איצט, אַז די שפּיל איז אַ פאַרשפּילטע, איז מאַרש פונדאַנען, וואָס, ווי קרעציקע הינט...

וויאַזוי האָט ער, באָרעך, דאָס אַלץ ניט פאַרשטאַנען פריִער? מיכקע איז דרײַ מאָל ייִנגער פון אים און צען מאָל קליגער און גערעכטער...

די מאַמע איז איצט געשטאַנען בײַ דער שאַפֿקע, צונויפֿגעלייגט עפּעס אַ פּעקעלע. אין פּעקעלע אויף אַ קינדערש העמדל איז אַראָפּגעפֿאַלן דער מאַמעס אַ שטילע גרויסע טרער...

מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— אַרײַן!

אין טיר איז געשטאַנען אַ „בלויער ראָק" — אַ הויכער ברייטער טונקעלער אַרגענטינער פּאָליציסט. אינעם גאַרטל אויף די לענדן האָט זיך געוויגט דאָס האַרטע קורצע דעמבעלע...

— איר זײַט דער הער באַרעך וויטקעס? איז קומט שוין מיט מיר! מע רופֿט אײַך אין דער צענטראַל־פֿאַרוואַלטונג פֿון דער פּאָליציי.

באַרעך מיט דער פֿרוי האָבן זיך פֿאַרלוירענע איבערגעקוקט. נאָכדעם האָט זי צו אים געזאָגט:

— נאַ, נעם מיט דאָס פּעקעלע. איך האָב זיך געקליבן גיין אַהין. אפֿשער וועסטו אים דאַרפֿן זען.

די מאַמע האָט מער נישט געקענט אײַנהאַלטן אירע טרערן.

.6

מיכקע איז געשטאַנען פֿאַר אַ גרינעם טיש אין איינעם פֿון די צימערן אין דער צענטראַל־פֿאַרוואַלטונג פֿון דער אַרגענטינער פּאָליציי.

בײַ דער טיר איז געשטאַנען מיט אַ ביקס אויפֿן פּלייצע אַ פּאָליציסט. בײַם טיש איז געזעסן אַ פּאָליציי־אָפֿיצער, אַ סעקרעטאַר און... דער יונגערמאַן, וואָס איז געווען מיט אַ פּאָר טעג צוריק אויפֿן גראָזיקן פֿאַרוואָרפֿענעם ראַנד פֿון זאָאָלאָגישן גאָרטן.

מיכקע איז געשטאַנען בײַם טיש. אויף דער רעכטער באַק, פֿונעם אויער ביז צום מויל, האָט זיך געצויגן אַ רויט־בלויע, מיט בלוט־פֿאַרלאָפֿענע קישקע פֿון אַ קאַנטשיק. די אויגן, פֿאַרלאָפֿן־פֿאַרשוואָלענע, האָבן אויסגעזען, ווי גרויסע שוואַרצבלוילעכע ברענענדיקע וווּנדן.

דער אָפֿיצער האָט זיך געהיצט:

— דו וועסט ענטפֿערן, קליינער באַנדיט, צי דו ווילסט נאָך אַ פּאָר צענדליק קאַנטשיקעס?

דער שפּיאָן איז אָבער געווען „פֿרײַנטלעכער":

— מע דאַרף נישט קיין קאַנטשיקעס. ער וועט אַזוי אויך ריידן. גרעגאָריאָ האָט שוין סײַוויסײַ אַלץ אויסגעזאָגט... מײַן מיטל ווירקט

בעסער ווי קאנטשיקעס. אנו, קום מיט מיר, באָכער. מירן באלד זען, צי דו ביסט א גוטער קאָמוניסט?

ער האָט מיכקען צוגעשלעפּט צו דער טיר. די טיר עטוואָס געעפנט, אינעם שפּאלט צווישן טיר און וואנט ארייַנגעשטעקט מיכקעס דינע קליינע פינגער און גענומען פאמעלעך צומאכן די טיר...

מיכקע האָט פארביסן די ליפּן ביז בלוט, זיך איינגעהאלטן צונויפגעדרייט און געשוויגן. ער איז געווען זיכער, אז פּונקט אזוי האָט געשוויגן גרעגאָריאָ און קיין וואָרט נישט ארויסגערעדט. אזוי שווייַגן, ווען מע דארף, אַלע עכטע קאָמוניסטן...

א טויט־בלייכער מיט א ברענענדיקער צעקוועטשטער האנט איז נאָכדעם מיכקע ווידער געשטאנען באַם טיש. דער פּאָליציי־אָפיצער האָט אזש געקריצט מיט די ציין פאר צאָרן. נאָר דער סעקרעטאר האָט אלציינס נישט געהאַט וואָס צו פארשרייַבן...

אין א ווייַלע ארום האָט דער אָפיצער א דריק געטאָן דאָס גלעקל אין וואנט. אין טיר האָט זיך באוויזן א פּאָליציסט.

— ער איז שוין דאָ?

— יאָ, אייַער עקסעלענץ!

— רוף אים ארייַן!

ס'איז ארייַנגעקומען מיכקעס טאטע...

מיכקע האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן און א ציטער געטאָן.

באָרעך האָט שנעל א קוק געטאָן אפן צעמאזיקטן זון זייַנעם, און אפן פּאָנעם בא אים האָבן די מוסקולן געצוקט און געפיבערט פאר ווייטעק...

— דאָס איז אייַער זון, הער וויטקעס? — האָט דער אָפיצער א פרעג געטאָן. און איידער באָרעך האָט נאָך צייַט געהאַט צו ענטפערן, האָט שוין מיכקע ארויסגעבראָכן:

— ניין, דאָס איז נישט מייַן טאטע... דאָס איז אן עקלדיקער שטרייַקברעכער!

באָרעך האָט טיף אראָפּגעלאָזט די אויגן.

דער שפּיאָן האָט באָרעכן געמוסטערט:

— ווי קומט צו אייַך, הער וויטקעס, אזא מין צאצקע א זון? איר זייַט דאָך אן ערלעכער ארבעטער. איך קען דאָס אייַך, איך האָב דאָך אייַך א פּאָר מאָל געזען אין סאָציאַליסטישן פאריין. איר האָט זיך דאָך נישט געלאָזט פארדרייען א קאָפּ פון די קאָמוניסטן, די מאָסקווער אגענטן..

באָרעכ האָט געהאלטנ דעמ קאָפּ אראָפּגעלאָזט, ער האָט איצט נישט געוווסט, וואָס צו זאָגנ.

— הערט זיכ אײַנ, הער וויטקעס, — האָט זיכ געווענדעט צו אימ דער פּאָליציי־קאָמיסאר. — איר ווילט, מיר זאָלנ באפרײַענ אײַער זונ, איר זאָלט אימ שוינ מיטנעמענ מיט זיכ אהיימ?

אונ ווידעראמאָל, איידער באָרעכ האָט נאָכ באוויזנ צו ענטפערנ, האָט שוינ מיכקע א זאָג געטאָנ:

— ער איז נישט מײַנ טאטע, אונ נישט בא אימ איז מײַנ היימ!

דער שפּיאָנ האָט אימ איבערגעשלאָגנ:

— שווײַג, דו שנעק!.. הער וויטקעס! איר האָט צו שלעכט אכטונג געגעבנ אפ אײַער זונ! ווענ איר וואָלט אביסל בעסער אימ געהיט, וואָלטנ מיר פארשפּאָרט אימ צו דערציִענ מיט קאנטשיקעס... איז הערט אויס, הער וויטקעס: באווײַזט אָט דאָ אפנ אָרט, אז איר זײַט אנ ערלעכער ארבעטער, א גוטער ארגענטינער בירגער אונ א גוטער טאטע, אונ פארשפּאָרט אונדז אנ ארבעט. מיר וועלנ אימ אפ א מינוטקעלע צוהאלטנ, דעמ יאט אײַערנ, אונ איר... איר לאָזט אימ אראָפּ די הייזלעכ, אונ דערלאנגט אימ אזוי אפנ נאקעטנ, ווי גאָט האָט געבאָטנ...

דער פּאָליציי־קאָמיסאר האָט אויסגעשטרעקט צו באָרעכנ א ווייכע האָריקע האנט מיט א קאנטשיק.

מיכקע האָט שנעל א קוק געטאָנ אפנ טאטנ:

— נא, שלאָג, שטרײַקברעכער!..

נאָר באָרעכ... באָרעכ ווייסט אליינ נישט, וואָס מיט אימ האָט זיכ געטראָפנ אינ דערדאָזיקער מינוט. עפּעס אינ קאָפּ האָט זיכ אָנגעצוגדנ, אלע בלוטנ האָבנ ראשיק א כלינע געטאָנ צומ קאָפּ, אונ מיט שוימ אפ די ליפּנ האָט באָרעכ א ברומ געטאָנ צומ גרינעמ טיש:

— פּאסקודניאקעס! בורזשואזע הינט!

אינ דער רעגע האָט זיכ אפ באָרעכס ווילד־אָנגעצונדנ געזיכט אוועקגעלייגט א ברוינ־בלויע קישקע פונ א הארטנ הילכנדיקנ קאנטשיק, נאָר באָרעכ האָט געשריגנ ווי אָנ זיכ:

— שלאָגט! שלאָגט, מערדערס, איכ האָב פארדינט... מײַנ זונ איז טויזנט מאָל גערעכט געווענ... איכ בינ נישט ווערט אזא זונ...

באָרעכנ האָט מענ איצט געשלאָגנ זאלבעדריט: דער פּאָליציי־קאָמיסאר, דער שפּיאָנ אונ דער פּאָליציסט, וועלכנ מ'האָט צוגערופנ פונ דער טיר.

באַ מיכקען זײַנען איצט ליכטיק געוואָרנ די אויגנ. ער האָט איצט געקוקט אפנ טאטנ, אונ באַ יעדנ קלאפּ, וואָס דער טאטע האָט געקראָגנ, האָט ער, מיכקע, אופגעשריגנ פאר שארפנ ברענענדיקנ ווייטעק...

אפנ טיש האָט זיכ צעקלונגענ דער טעלעפאָנ. א פארסאפּעטער האָט דער קאָמיסאר א כאפּ געטאָנ דאָס טרײַבל:

— צענטראלע פּאָליציי־פארוואלטונג... אכ, דאָס זײַט איר? — אפנ אָפּיצערס פּאָנעם האָט זיכ צעלייגט א שמייכל, — גוט מאָרגנ, הער גרינבערג! איר רעדט איצ נאָמענ פונ פאבריקאנטנ־פארייג? גוט־גוט... — אפנ קאָמיסארס פּאָנעם האָט זיכ באוויזנ א פארדראָסיקע אנטוישונג. — איז, הייסט עס, דער שטרײַק געענדיקט, אונטערגעשריבנ, א שאָד! א שאָד! מע וואָלט נאָכ גענדאַרפט זיי אָנלערנענ, די הינט! איר זאָגט: מיר וועלנ זיי אָנלערנענ אנ אנדערש מאָל? מיילע, רעכט, פארפאלנ... וואָס זאָגט איר? — אפנ קאָמיסארס פּאָנעם האָט זיכ באוויזנ א שרעק. — מע מוז ליטנ אָפּמאכ, וואָס איר האָט אונטערגעשריבנ, באפרײַענ טיי־קעפּ אלע נעכטיקע ארעסטירטע? אנדערש קענ מענ נישט? — דער קאָמיסאר האָט זיכ דריבנע צעלאכט: — איר זאָגט, מירנ סײַווי זיי נאָכדעם איינציקווײַז צוריק צונויפנעמענ?.. נו, מיילע, רעכט, פארפאלנ... אדיאָס, מירנ זיכ נאָכ טרעפנ הײַנט. א־יאָ? אינ קלוב?.. אדיאָס!

ער האָט אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל אונ א ברום געטאָנ מיט פארקריצטע ציינ צומ טאטנ אונ זונ, וואָס זײַנענ איצט געשטאנענ הארט איינער לעבנ אנדערנ:

— נו, וואָנ פונדאנענ, פארפלוכטע הינט! צומ ווידערזענ אינגיכנ!..

אפנ גאס האָט באָרעכ אָנגענומענ מיכקענ באַ דער האנט, ווי א קליינ קינד. נאָר מיכקע האָט געײַלט פאָרויס, אונ ס׳איז אויסגעקומענ, אז נישט באָרעכ פירט אימ, נאָר ער, מיכקע, פירט דעמ גרויסנ ברייטפּלייציקנ טאטנ אונ פירט אימ דורכ דורכנ פּלאָנטער פונ רוישיקע טראמווײַענ אונ אווטאָמאָבילנ, אונ לייגט אימ דורכ א גלײַכנ זיכערנ וועג דורכנ רוישיקנ פּלאָנטער פונ לעבנ...

— מיר גייענ גלײַכ אהיימ, זונ מײַנער, דערפרייענ די מאמענ?

— יאָ, טאטע, אהיימ, — האָט מיכקע מאָדנע געשמייכלט מיטנ ברויִנבלויענ צעמאזיקטנ פּאָנעמ, — נאָר פריִער וועלנ מיר זיכ ארײַנכאפּנ אינ אונדזער עמעסע היימ: אינ פארייִנ ארײַנ. דו וועסט דאָרטנ אָנשרײַבנ

א מעלדונג, מע זאָל דיר אנטשולדיקן און מע זאָל דיך צונעמען פאר א מיטגליד. איך וועל דיך רעקאָמענדירן...

און שפּעטער א ווײַלינקע האָט ער צו אים געזאָגט:

— דו זעסט, מיר האָבן געוווּנען אף די גאנצע הונדערט פּראָצענט. און איך האָב געוווּנען מער פון אלעמען: איך האָב געוווּנען א טאטן.

זיי זײַנען געגאנגען שנעל, מונטער און פרייליך. און די גרויסע פרילינגדיקע זון האָט זיי באגלייט מיט א גוטמוטיקן ווארעמען געלעכטער.

———

# אדיע, הער אבראמאָוויטש!*)

.1

ס'איז שוין געווען פארנאכט, נאָך די לימודים, אין דער ערשטער ארבעטער־שול פון ווי ז ש א  ק ר ע ס פ אָ**).

די גרעסטע טייל שילער איז זיך שוין געווען צעגאנגען אהיים א פארמאטערטע נאָך די לאנגע איבערדריסיקע שאָען אין דער רעגירונג־שול. די דריי פריילעכע כאווערישע שאָען אין דער ארבעטער־שול האָבן טאקע אביסל אָפּגעפרישט דעם מארך און דאָס הארץ, אָבער מיד איז מען דאָך געווען, און דערצו נאָך — האלבהונגעריק. איז מען זיך שנעל צעגאנגען איבער די היימען, עפּעס צובייסן, אויב מ'וועט געפינען וואָס, און זיך אביסל אָפּרוען.

הארבסטיקע שאָטנס האָבן זיך געשפרייט איבערן לאנגן שמאָלן אספאלט־געפלאסטערטן קאָרידאָר פון דער שול. אן אָוונטיק ווינטל האָט טרוקן געשורשעט אין די דארע פאלמעס, וואָס האָבן דאָ אין קאָרידאָר אין מעשונעדיק גרויסע טעפּ פארבראכט זייער אָרעם, ווייניק זוניק לעבן..

איבערן קאָרידאָר און אינעם נישט־גרויסן צימער פונעם עלטסטן קלאס האָבן זיך ארומגעדרייט עטלעכע יאטן, יינגלעך און מיידלעכ־ ברוינגעזיכטיקע, שווארצויגיקע און שווארצקעפּיקע, דארע אָבער מוס־ קולדיק־פעסטע, האָט א פּאָר צענדליק כעוורע דאָ אפּ עפּעס געווארט. און דערווייליע ביז וואָס־ווען. האָט מען זיך פארנומען יעדער איינער מיט וואָס ס'איז אים געפעלן געווען. עטלעכע יינגלעך האָבן פון אן אלטער צייטונג צונויפגעדרייט א פּילקע, עס ארומגעבונדן מיט שטריק־ לעך און אין קאָרידאָר געשפּילט מיטן קלוימערשטן פוטבאָל. א גרופּע מיידלעך האָט זיך פארקליבן אין קלאס־צימער און געזונגען א ניי ליד, א פּיאָנערן־ליד, וואָס מע האָט באקומען פון ראטנפארבאנד פון א

*) זע צום סאָף ביכל די דערקלערונג צו אָט דער דערציילונג.

**) ווי ז ש א קרעספּאָ — אן ארבעטער־ראיאָן אין בוענאָס־איירעס.

פּיִאָנערן־גרופּע, מיט וועלכער די שול האָט זיך איבערגעשריבן. און אוורעמל גורסקי, דער סעקרעטאַר פונעם פּיִאָנערן־קעמערל בא דער שול, א קליינינקער און א שווארצלעכער, מיט א גרויסן שווארצ־געקרויזטן קאָפּ, איז געזעסן באַם טיש און געשריבן אַן ארטיקל פאַר דער שול־צײַטונג.

דאָס געזאנג פון די מיידלעך האָט אים נערוויִרט, געשטערט אין זײַן ארבעט. צײַטנווײַז פלעגט ער פארלירן דעם פאָדעם פון זײַן געדאנק, וואָס ער האָט געוואָלט דאָ אינעם ארטיקל צעוויקלען. פלעגט ער בײַסן דאָס הענטל פון דער פּען, טונקען די פּען אין טינטער עטלעכע מאָל איינס נאָכן אנדערן און ווערן בייז אַף די מיידלעך:

— ביילקע, וועסט עפּשער אַפּ א ווײַלינקע פארמאכן דײַן פּאַטעפאָן? מאָרגן דארף זײַן פארטיק די צײַטונג, און דו פארזינגסט מיר אלע געדאנקען!..

ביילקע האָט זיך צעלאכט, פארשארט א קאפּריזן לאָק פון איבערן שטערן:

— און אז איך וועל ניט זינגען, מיינסטו וועסטו קענען שרײַבן? דוכט זיך, אז דער טינטער איז גאָר שולדיק... אָט האלטסטו אין איין טונקען און דו טונקסט גאָרנישט ארויס!

און די הויכע שלאנקע מירקע איז נישט פויל, הייבט זיך אוף פון איר באנק, לויפט צו צו אוורעמלען, נעמט אים ארום האלדז און הייבט אָן הויך־הויך אים זינגען גלײַך אין אויער ארײַן...

די מיידלעך צעלאכן זיך אַף א קאָל. עס לאכט אוורעמל אויך, אָבער באלד ווערט ער צוריק ערנסט:

— כעוורע! איך מיין טאקע אַף אן עמעסן: לאָזט מיר שרײַבן. ס'איז נאָך געבליבן א פופצן מינוט ביז דער פארזאמלונג. איך שרײַב דאָך וועגן אזא זאך, וואָס אײַך אלעמען אינטערעסירט עס ניט ווייניקער, איידער מיך.

— וועגן וואָס?

— וועגן דערזועלביקער פראגע, וואָס מיר וועלן הײַנט באהאנדלען אַף דער פארזאמלונג.

— וועגן דער בונדיסטישער שול, וואָס האָט זיך די טעג געעפנט דאָ נישט ווײַט פון אונדז?

— יאָ.

דאָס געזאנג און דאָס געלעכטער האָבן שוין לאנג אופגעהערט. די מיידלעך זײַנען ארויס אין קאָרידאָר, זיך צעטיילט אַף פּאָרלעך און

טאנצן שטיל. אוורעמל זעצט פאַר זײַן ארבעט. ער שרײַבט האסטיק און באַגײַסטערט. אז ער האלט שוין באַם פארענדיקן זײַן לעצטן גע־דאנק, גייט ארײַן שנעל אין צימער דער הויכער פריילעכער קאָמיוגיסט, וואָס איז צוגעפּעסטיקט צום פּיִאָנערן־קעמערל. הינטער אים שיטן זיך ארײַן אלע יאטן און יאטעכעס, מע צעזעצט זיך רוישיק אפ די בענק — און די פארזאמלונג הייבט זיך אָן.

דער פּאָרזיצער, דער קאָמיוגיסט, דערקלערט אינקורצן דעם ציל פון דער הײַנטיקער פארזאמלונג:

— די בונדיסטן האָבן געעפנט זייערע א שול. זיי האָבן שוין אהין פארנארט עטלעכע צענדליק ארבעטער־קינדער פון די מער אָפּגעשטאנע־נע ארבעטער־עלטערן. זיי ווילן אונדזער שול אָפּשוואכן און צעוואלגערן. מע מוז אָנעמען מיטלען זיי צוריק צו פארטרײַבן פון אונדזער ראיאָן.

קימאט אלע כעוורע נעמען א וואָרט. יעדער האָט א מיינונג און א פּאָרשלאג, וואָס צו טון. מע פארשרײַבט אין פּראָטאָקאָל די פּאָר־שלאגן:

1) יעדער יאט זאָל זיך באקענען נעענטער מיט א קינד פון דער בונדיסטישער שול און פירן מיט אים אן אינדיווידועלע אופקלער־ארבעט;

2) ארויסלאָזן א ספּעציעל בלעטל צו די קינדער פון דער בונדיס־טישער שול;

3) זיי אײַנלאדן אפ געמיינזאמע שפּילן, פארווײַלונגען און שמועסן.
און אוורעמל האָט גאָר א מאָדנעם פּאָרשלאג:

4) דורכפירן א פארזאמלונג פון אונדזער פּיִאָנערן־קעמערל טאקע דאָרטן אפן אָרט, אין דער בונדיסטישער שול, פאר זייער לערער אין די אויגן.

ביילקע צעלאכט זיך:

— ס'איז דער עמעסער פּאָרשלאג! נישטאָ וואָס צו ריידן! אזא פארזאמלונג וואָלט אוודאי געווען גוט, אָבער ווער וועט עס אונדז אהין ארײַנלאָזן דורכפירן פארזאמלונגען? עפּעס רעדסטו הײַנט נישט צו דער זאך, אוורעמל! קיין קליגערע פּאָרשלאגן האָסטו שוין נישט?
אָבער אוורעמל גיט נישט נאָך:

— מיסטאָמע, אז איך האָב ארײַנגעטראָגן אזא פּאָרשלאג, האָב איך אים פריִער גוט באטראכט פון אלע זײַטן. טומלט נאָר נישט און הערט מיך אויס ביזן סאָף.

און ער וויקלט פאנאנדער זײַן פּלאַן:

— אונדזערע עלטערן וועלן אונדז גוט פאַרשטיין און אונדז מיט־העלפן דעם פּלאַן אויסצופירן. די בונדיסטישע שול יאָגט זיך נאָך קינ־דער. מיר וועלן איר צושטעלן קינדער...

— וויאַזוי? וואָס? דערקלער וואָס דו מיינסט!

— ס'איז גאָר פּאָשעט: מיר רעדן זיך צונויף מיט אונדזערע עלטערן, און מיר גייען זיך פאַרשרײַבן אַהין אין שול... נישט אַלע מיטאַמאָל, פאַרשטייט זיך, זייערע לערער זאָלן זיך נישט כאַפּן, אַז מיר טוען זיי אָפּ אַ שפּיצל... מאָרגן, לעמאָשל, גייט אַהין אוועק ביילקע, יאַשקע און אַלבערטאָ און פאַרשרײַבן זיך, און לערנען דאָרטן... נאָכדעם קומט צו כאַנקע, מירקע און לייבקע... און אַזוי ווײַטער. אין עטלעכע טעג צײַט וואַרפן מיר אַהין אַריבער אַזנדזער גאַנצע קעמערל... דאָרטן דאַרפן מיר זיך פירן רויִק, ערנסט און שטיל. זיך באַקאָנען נעענטער מיט אַלע גרעסערע קינדער, ווערן כאַווײַרים, געווינען זייער ליבע. און נאָכדעם... אַלע פרײַטיק פירן זיי דאָרטן דורכ אַלגעמיינע שילער־פאַרזאַמלונגען און שמועסן... וועלן מיר די נאָענטסטע פאַרזאַמלונג זייערע פאַרוואַנד־לען — אין אונדזערע...

איצט קומט שוין אַוורעמלס פּלאַן גאָר נישט אויס אַזוי ווילד, ווי דאָס האָט זיך געדוכט פון אָנהייב. פאַרקערט: די יאַטן געפעלט עס זייער.

פּלוצים נעמען זיך אַלע, יעדער איינער דערמאָנען פאַרכאַפּנדיקע סצענעס פון אומלעגאַלער אַרבעט, וואָס זיי האָבן ווען עס איז אויסגע־לייענט אין רעוואָליוציאָנערע ביכער.

און איינער פון די יאַטן, וואָס האָט פריִער אַ ווײַלע געשפּילט אין קאָרידאָר אין פוטבאָל, אַ היציקער 13־יאָריקער יאַט, שרײַט אויס אויס:

— אוי, וועלן מיר עס די בונדיסטן אַרײַנהאַקן אַ גאַל!..

דער פּאָרזיצער באַרויִקט אים און די גאַנצע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך צעלאַכט אַף אַ קאָל. מע בלײַבט נאָך אַ ווײַלע איבער אין צימער, און מע באַטראַכט אַלע איינצלהײַטן, וויאַזוי אַוורעמלס פּאָרשלאַג דורכ־צופירן אין לעבן.

פרייליכע, צופרידענע, פּאָרויס שוין פילנדיק דעם טאַם פון געלונ־גענער אומלעגאַלער אַרבעט, שיט מען זיך אַרויס אינדרויסן. אַ קיל ווינטל פרישט די צעהיצטע צופרידענע פּענעמער.

.2

ביילקע איז געקומען אין דער בונדיסטישער שול זיך „פארשרייבן" באצייטנס.

ס'איז געווען ארום איינס באטאָג — און די לימודים הייבן זיך אָן ערשט האלב צוויי. דער לערער איז נאָך נישט געווען. ס'זיינען נאָך געווען ווייניק שילער. א האלב צענדליק יאטן האָבן אין שמאָלן לאנגן קאָרידאָר געשפּילט אין „שפּרינגערלעך": איינער א יאט האָט, שטייענדיק, אויסגעבויגן דעם קאָפּ און רוקן אזוי, אז ס'האָט זיך באקומען א פינקטלעכע גראָדווינקלדיקע פיגור. די איבעריקע יאטן האָבן געדארפט איבער אים אריבערטאנצן אזוי פלינק און לופטיק, אז זיי זאָלן ניט בלייבן זיצן בא אים אפן קארק. און ווועמען דער שפּרונג האָט זיך ניט איינגעגעבן, האָט געדארפט פארנעמען דאָס אָרט פונעם „גראָדן ווינקל".

אין א צווייטן עק קאָרידאָר האָבן דריי־פיר מיידלעך געשפּילט אין פילקעס (מיאטש).

איינס פון די מיידלעך, וואָס האָט געלערנט אין איין רעגירונג־שול מיט ביילקען, איז באלד צו איר צוגעלאָפן:

— ווי קומסטו אהער? דו דארפסט ווועמען?

— יאָ, איך דארף דעם לערער. איך האָב צו אים א צעטעלע, זעסט?

יענע האָט דורכגעלייענט דאָס צעטעלע און זיך שטארק דערפרייט:

— שיקט דיך דיין טאטע, הייסט עס, לערנען צו אונדז אין שול? אָט איז גוט! וועסט זיצן אפ מיין באנק, לעבן מיר, פונקט ווי אין דער ארגענטינער שול.

— ס'איז נאָך דאָ בא אייך אסאך פרייע פלעצער? — האָט זיך ביילקע אינטערעסירט.

— מער ווי העלפט. אָבער זאָג מיר, פארוואָס עפּעס ביסטו אוועק פון דער קאָמוניסטישער שול? דו לערנסט דאָך דאָרטן שוין דאָס דריטע יאָר?

ארום ביילקען זיינען שוין איצט געשטאנען אלע איבעריקע שילער און שילערנס פון דער שול און געהערט, ווי זי דערקלערט:

— איך האָב זיך געכאפּט, אז מע לערנט דאָרטן ניט גוט. נאָר ביז איצט האָבן מיר דאָך דאָ אין דעם ראיאָן קיין אנדער שול נישט געהאט. איצט אָבער וועלן אסאך עלטערע קינדער איבערגיין אהער.

די קינדער האָבן זיך שטארק דערפרייט מיט ביילקעס צוזאָג: עס וועט שוין דאָ ניט זיין אזוי פּוסט און אומעטיק...

נאָכדעם איז ביילקע מיט אירע נייַע כאַווערטערס אַרײַן באַקוקן דעם קלאַס.

— אָט דאָ לייג אוועק דײַנע ביכער,—האָט איר די כאַווערטע גע־זאָגט,—דאָס איז מײַן באַנק.

ביילקע האָט זיך אַרומגעקוקט. אַף די ווענט, צוזאַמען מיט די באַ־קאַנטע בילדער פון קאַרל מאַרקס און ענגעלס, זײַנען געהאַנגען אומ־באַקאַנטע בילדער. די כאַווערטע האָט ביילקען דערציילט, ווער די דאָזיקע מענטשן זײַנען:

— אָט דער־אָ, אָן דער באָרד און וואָנצעס, איז וולאַדימיר מ ע ד ע ם. דאָס איז דער גרינדער פון „בונד". ער האָט זייער ליב געהאַט צו ריידן אַף יידיש, כאָטש ער איז ניט געווען קיין ייִד. ער איז געשטאָרבן אין אַמעריקע, וווהין ער איז געפאָרן האַלטן לעקציעס וועגן ראַטנרוסלאַנד און די באָלשעוויקעס.

— וואָסערע לעקציעס?

— אַז די באָלשעוויקעס פאַרשקלאַפן די אַרבעטער און זעצן אין טפיסע די בעסטע רעוואָליוציאָנערן...

ביילקע האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן. עס האָט זיך איר שטאַרק גע־וואָלט א געשריי טון: „ס'איז א ליגן, א מיִעסער ליגן!"—נאָר זי האָט אַף קיין רעגע נישט פאַרגעסן, נאָך וואָס זי איז אַהער געקומען. האָט זי געשוויגן און שווײַגנדיק אויסגעהערט די דערקלערונגען צו די אַנדערע בילדער.

— ...און דאָס איז דער באַרימטער אַרבעטער־פירער אַבראַמאָוויטש.

— אַזוי? דאָס איז אַבראַמאָוויטש?—האָט ביילקע שנעל א פרעג געטאָן.

— וואָס איז, ביילקע, דו האָסט שוין געהערט וועגן אים?

— יאָ, דער טאַטע, דוכט זיך, האָט מיר שוין אַמאָל דערציילט וועגן אים.

ביילקע האָט דאָך דאָ דערווײַלע נאָך נישט געקענט דערציילן דעם עמעס, אַז וועגן אַבראַמאָוויטשן האָט גאָר דערציילט דער לערער פון דער אַרבעטער־שול אַף א שאָ פון געזעלשאַפטלעכער קענטעניש; אַז אַבראַמאָוויטש האָט צוזאַמען מיט נאָך קאָנטררעוואָליוציאָנערן אָרגאַני־זירט אין ראַטנרוסלאַנד שעדיקערײַ און געגרייט א קאַפּיטאַליסטישע איבערקערעניש...

דערווײַל איז געקומען דער לערער. די קינדער זײַנען אים געלאָפן

אנטקעגן אָנזאָגן די סימכע, אז ס׳קומט צו נאָך א שילערן אין שול און אז ס׳וועלן נאָך קומען נאָך און נאָך...

דער לערער האָט אראָפּגענומען די פּענסנע, אויסגעווישט מיט א טיכעלע צוערשט דעם רויטן צ״כן־שניט אפּ דער נאָז, דערנאָך די גלעזלעך, צוריק ארופגעזעצט די פּענסנע און מיט ניט־באהאלטענער צופרידנקייט איבערגעלייענט דאָס צעטעלע, וואָס ביילקע האָט אים דערלאנגט, און צוגעשריבן אין קלאס־זשורנאל די נײַ־צוגעקומענע שילערן.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער לימעד. מע האָט אפּ דער שאָ געלערנט יידישע געשיכטע.

צוערשט האָט דער לערער פאָרגעלייענט פארן קלאס עפּעס פון א ביכל. דער לערער האָט פריער נישט געזאָגט די שילער וואָס דאָס איז—דאָס וואָס ער לייענט פאָר: א דערציילונג, א מײַסעלע צי טאקע די געשיכטע אליין. אָבער אפּן טאָוול פונעם ביכל, וואָס דער לערער האָט געהאלטן, האָט ביילקע איבערגעלייענט: „שאָלעם אש — מײַסעלעך פון כומעש״. ביילקע האָט געוווסט, אז שאָלעם אש איז א יידישער פּאשיסטישער שרײַבער און דער כומעש — א רעליגיעז בוך. זי האָט אָבער נישט פארשטאנען, וואָס דאָס אלץ האָט צו טון מיט געשיכטע...

דער לערער האָט מיט באגײַסטערונג און צופרידענעם שמייכל ווײַטער און ווײַטער פאָרגעלייענט. און דערציילט האָט זיך דאָ וועגן דעם, וויאזוי מוישע ראבײנו האָט געפּאשעט שאָפּ, איז אנטלאָפן איין שעפּעלע פון טשערעדע, האָט זיך מוישע ראבײנו אוועקגעיאָגט נאָך דעם. געלאָפן אלץ ווײַטער און ווײַטער, ביז ער האָט דערזען א וווּנדערלעכע זאך: אן אויסגעטריקנטער דאָרן ברענט און ברענט—און ווערט ניט פארברענט. און פּלוצלינג האָט זיך פון די פלאמען אין דאָרן דערהערט א קאָל. דאָס האָט גערעדט גאָט און גערופן מוישען, און אים געזאָגט: „גיי און ווער דער פירער פון יידישן פאָלק, באפרײַ אים פון קנעכטשאפט און פיר אים אוועק אין פּאלעסטינע״. און מוישע האָט פארשטאנען, אז דאָס יידישע פאָלק איז ווי דערדאָזיקער דאָרן: ער קען קיינמאָל נישט ווערן פארברענט, ער איז אייביק...

ביילקע האָט שוין אמאָל געהערט פון טאטן אירן, אז מוישע ראבײנו איז עפּעס א לעגענדארישע פּערזאָן פון דער יידישער רעליגיע. האָט זי איצטער נאָך ווייניקער פארשטאנען, וואָס פאר א שײַכעס האָט דערדאָזיקער מוישע צו א לימעד פון געשיכטע... נאָכדעם האָט זי געהויבן א האנט און געפרעגט:

— לערער! ווער האָט אָנגעשריבן אָט דאָס מײַסעלע?

— שאָלעם אש, דער בארימטער ייִדישער שרײַבער.

— דאָס איז דער, וואָס דער פּוילישער פאשיסטישער גענעראל פּילסודסקי האָט אים געגעבן אן אָרדען?

דער לערער האָט נישט באלד געענטפערט: ער האָט בעסער גענו־מען דערציילן גאנצ לאנג שאָלעם אשס ביִאָגראפיע. און צום סאָף האָט ער געזאָגט, אז דעם אָרדען האָט ער באקומען דערפאר, וואָס ער האָט שטארק ליב פּוילן, ווײַל ער איז דאָרטן געבוירן געוואָרן.

— קריגן, הייסט עס, אזעלכע אָרדענס אלע, וואָס האָבן ליב פּוילן?— האָטביילקע איבערגעפרעגט. און האָט געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס. זי האָט געוואָלט זאָגן, אז איר טאטע האָט אויך שטארק ליב פּוילן, דעריקער די פּוילישע ארבעטער און פּויערים. איר טאטע איז אויך א געבוירענער פון פּוילן, נאָר קיין אָרדען האָט ער דערפאר נישט געקראָגן. פאר־קערט, פּילסודסקי האָט אים פאר דערדאָזיקער ליבע ארײַנגעשפּארט אין טפּיסע, פונוואנען ער איז קוים אנטלאָפן אהער קיין ארגענטינע. און דאָ איז ער שוין אויך נישט איינמאָל געזעסן אין טפּיסע. און יעדעס מאָל האָט מען אים דאָ דערמאָנט, שלאָגנדיק מיט קאנטשיקעס, אז דאָרטן אין פּוילן האָט ער צופיל ליב געהאט די ארבעטער און פּוי־ערים...

נאָר מער האָט שוין ביילקע נישט גערעדט. זי האָט געוווּסט, אז צופיל ריידן דארף מען דערוויַילע נישט.

נאָכדעם האָט דער לערער גערופן איינציקווײַז די קינדער צום טאָוול. יעדערער האָט געדארפט פון זיך אליין אָנשרײַבן אוועלכן נישט איז זאצ וועגן דעם, וואָס ער האָט געהערט און געלערנט.

כײַקין, א פולער ברייטפּלייציקער יאט, האָט מיט א ווײַסער ווייכער, פוכקער האנט אָנגעשריבן מיט גרויסע ווערטער:

„מוישע ראבײַנו איז געווען דער גרעסטער רעוואָ־לוציִאָנער".

דער לערער האָט אויסגעמעקט דעם „ש" און אוועקגעשטעלט א „ס" קיין אנדערע פעלערן האָט ער דאָ נישט געפונען...

אפ דער שאָ האָט שוין ביילקע מער גאָרנישט געפרעגט. זי איז נאָר געזעסן און פלײַסיק זיך צוגעהערט און פארשריבן צוזאמען מיט אלע קינדער דאָס, וואָס דער לערער האָט דערציילט...

שוין באם סאָף לימעד איז געקומען זיך „פארשרײַבן" יאשקע, און

אפ דער האפּסאָקע איז אָנגעלאָפן, א צעהיצטער, אַלבערטאָ מיטן פּעקל ביכער אונטערן אָרעם און מיט א צעטעלע אין האנט...

דער לערער איז געווען אויסערגעוויינלעך צופרידן: ערשט איצט האָט ער פארשטאנען, ווי נייטיק עס איז געווען צו עפענען די שול. אבי די בונדישע אָרגאניזאציע האָט אלץ מוירע געהאט, אז עס וועלן ·פעלן קינדער...

צום סאָף פון דער האפּסאָקע האָט זיך גראָד אזוי געמאכט, אז ביילקע מיט אַלבערטאָן זיינען צוזאמען אריין אין קלאס, ארויסנעמען פון באנק עפּעס אפ צוצובייסן. ארויסגייענדיק, האָט ביילקע אָנגעוויזן אַלבערטאָן אפן גרויסן שווארצן שול־טאָוול, אפ וועלכן ס׳איז געווען מיט קרייד דיק אָנגעשריבן:

„מוישע ראביינו איז געווען דער גרעסטער רעוואָליוציאָנער״.

אַלבערטאָ האָט זיך שטיל צעלאכט:

— אבי איך האָב געמיינט, אז מארקס און לענין זיינען גאָר געווען די גרעסטע רעוואָליוציאָנערן...

אין מעשעך פון דעם טאָג האָבן ביילקע, יאשקע און אַלבערטאָ זיך איבערבאקאָנט מיט אלע שילער פונעם קלאס, געוואָרן כאווער מיט זיי, פארגעדענקט גוט בא זיך זייערע אדרעסן, און אז קיינער האָט נישט געקוקט, האָבן זיי די אדרעסן פארשריבן צו זיך אין די העפטן אריין. און שפּעט אינאָוונט...

שפּעט אינאָוונט, ווען קיינער האָט זיי נישט נאָכגעקוקט, האָבן זיי שטיל, איינציקווייז זיך ארייַנגעשלייכט אין הויף פון דער ערשטער ארבעטער־שול. דאָרטן אין צימער פון עלטסטן קלאס האָט אפ זיי געווארט דער לערער, דער קאָמיוגיסט, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן פּיאָנער־רינג, אוורעמל און נאָך אייגענע יאטן.

מ׳האָט זיי באגעגנט פריילעך און טומלדיק:

— נו?

— דער אָנהייב איז ניט קיין שלעכטער,—האָט דערקלערט ביילקע,— עפּעס האָבן מיר שוין אופגעטאָן.

די דריי כעוורע האָבן ארויסגענומען די פארשריבענע אדרעסן פון די שילער פון דער בונדיסטישער שול.

— אָט אין די אלע הייזער דארף מען שיקן מיטגלידער פון אונדזער עלטערן־קאָמיטעט, זיי זאָלן געבן צו פארשטיין די עלטערן, אין וואָס פאר א בלאָטע זייערע קינדער זיינען אריינגעפאלן.

— נישט אינ אלע הייַזער דארפ מענ גיינ,—האָט יאשקע דערקלערט, — אָט, לעמאָשל, צו כייַקינענ דארפ מענ נישט גיינ. ער איז א מיטגליד פונ זייער עלטערנ־קאָמיטעט אונ א באַלעבאָס פונ א סטאָליער־פאבריקל. איר קענט דאָך אים. ער נעמט אפילע צו דער ארבעט נישט צו קיינ קאָמוניסטנ.

— אונ צו בערסוצקינ דארפ מענ אויכ נישט גיינ, — האָט צוגעגעבנ אלבערטאָ. — אנ אלטער שטרייַקברעכער.

אונ זאסלאווסקינ דארפ מענ אויכ צורו לאָזנ, — האָט ארייַנגעשטעלט ביילקע, — מיט גרויסע הענדלער האָבנ מיר דאָך נישט וואָס צו ריידנ... אונ ער, האָט מענ מיר דערציילט, האָט געגעבנ דאָס ערשטע געלט אפ צו דינגענ די דירע פאר זייער שול. אָבער צו די איבעריקע אלע דארפ מענ גיינ אונ ריידנ מיט זיי. אונ מיר, קינדער, וועלנ דערווייַלע זיכ נעענטער באקאָנענ מיט די כעוורע אונ זיי נעמענ אינ דער ארבעט...

דערנאָכ האָט מענ אָנגעצייכנט א צעטל פונ כעוורע, וואָס גייענ מאָרגנ אהינ אינ שול זיכ „פארשרייַבנ”. אונ צום סאָפ האָט ביילקע ארויסגענומענ אירס א העפט אונ לאכנדיק א זאָג געטאָנ:

— כאווירימ, איבערהויפט איר, כאווער לערער! איר ווילט ווערנ קלוגע געבילדעטע מענטשנ? איר ווילט קענענ געשיכטע, טאָ נעמט א לעקציע בא מיר!..

אונ זי האָט פאָרגעלייענט דאָס אלצ, וואָס זי האָט הייַנט באטאָג דאָרטנ פארשריבנ אפנ לימעד פונ „יידישער געשיכטע”. כעוורע האָט אלע ווייַלע איר איבערגעשלאָגנ מיט א הילכיק געלעכטער, אונ אווראמל האָט אזש אויסגעשריגנ:

— זאָלנ לעבנ די גרעסטע רעוואָליוציאָנערנ: מוישע ראביינו, אבראמאָוויטש אונ דער לערער פונ דער בונדישער שול!..

מיכקע האָט זיכ געוויצלט:

— כאווער לערער! עפשער וואָלט איר אונדז גאָר גענומענ לערנענ דאוונענ?..

בא כעוורע איז געווענ א פריילעכע, לאכנדיקע שטימונג. די לעוואָנעדיקע העל־בלויע נאכט האָט זיי נאָכדעמ גרופּעסווייַז באגלייט אהיימ, זיי צוגעפירט א מילד־ווארעמע ביז זייערע טירנ. אינ שטוב איז זי מיט זיי נישט ארייַנ: דאָרטנ איז געווענ צו ענג, פייַכט אונ הונגעריק, אונ די קליינע עלעקטרישע לעמפּלעכ זייַנענ צו טונקל געווענ...

3.

ס׳איז פארבײַ א טאָג צװײ.

דער עלטערער קלאס פונ דער בונדיסטישער שול האָט געהאלטנ אינ איינ „וואקסנ". אפ די בענק איז געוואָרנ שטארק ענג. דאָ איז שוינ גע־זעסנ אונ „געלערנט" דאָס גאנצע פּיאָנערנ־קעמערל פונ דער ערשטער ארבעטער־שול מיטנ סעקרעטאר זײַנעמ אוורעמל גורסקי אינ דער שפּיצ...

די נײַע „שילער" פונ דער בונדיסטישער שול זײַנענ נישט געזעסנ מיט פארלייגטע הענט. זיי האָבנ אפ א מינוט נישט פארגעסנ, נאָכ וואָס זיי זײַנענ אהער געקומענ, ווי עס פארגעסנ נישט וועגנ זייער וויכטי־קער אופגאבע איבערגעטאָנענע זעלנער, וואָס גייענ אריבער צומ סוינע, קעדיי צו צעלייגנ זײַנ פראָנט ...

די 12־13־14־יאָריקע ייִנגלעכ אונ מיידלעכ האָבנ מיטנ גאנצנ ערנסט אונ פּאָרזיכטיקײַט פונ דערוואקסענע קלאסנבאוווסטזיניקע ארבע־טער אײַנגעשפּארט אונ געדולדיק געטאָנ זייער זאכ. מיט זייער אופ־מערקזאמקײַט אונ ליבשאפט צו די איבעריקע כעוורע אונ מיט זייער מוסטערדיקער אופירונג זײַנענ זיי באלד געוואָרנ די ליבלינגענ פונעמ גאנצנ קלאס אונ די אָנפירער פונ אלע שפּילנ, שפּאצירנ אונ פארוויילונ־גענ. אונ נישט נאָר אינ שול: זיי האָבנ אויכ באוויזנ צו ווערנ אָפטע אײַנגייער צו די קינדער אהיימ אונ ווערנ מיט זיי אינגאנצנ נאָענט.

פאר דער קורצער צײַט האָבנ זיי באוויזנ ארײַנצוציִענ 6 יאטנ פונ דער בונדיסטישער שול אינ די רייענ פונ דער פּיאָנערנ־אָרגאניזאציע. דאָס זײַנענ אלצ געווענ קינדער פונ די סאמע אָרעמסטע עקספּלואטירטע ארבעטער. דידאָזיקע קינדער האָבנ גיכ פארשטאנענ, אז כײַקינ, בערסוצ־קי אונ זאסלאַווסקי קענענ נישט זײַנ זייערע כאוויירימ...

די נײַע זעקס פּיאָנערנ זײַנענ שוינ איינמאָל באנאכט בײַגעווענ אפ א פּיאָנערנ־פארזאמלונג אינ דער ערשטער שול, ווו מע האָט זיי זייער הארציק אופגענומענ אונ אײַנגעשלאָסנ אינ דער גרויסער פריילעכער קעמפנדיקער מישפּאָכע פונ די יונגע לענינצעס.

צוזאמענ מיט די זעקס נײַ־צוגעקומענע, האָבנ איצט די שילער פונ דער ערשטער שול געבילדעט אנ איבערוועגנדיקע מערהײַט אינעמ עלטערנ קלאס פונ דער בונדיסטישער שול. אונ די איבעריקע שילער, כאָטש זיי איז נאָכ צו פרי געווענ ארײַנצופירנ אינ דעמ גרויסנ סאָד, דאָכ זײַנענ זיי אויכ געווענ זייער פרײַנטלעכ צו אונדזערע יאטנ.

אָנ אויסנאַם זײַנען נאָר געווען די שילער כײַקין, זאַסלאַווסקי, בער־סוצקי און נאָך אַ פּאָר, וואָס האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן אין אַ זײַט. זיי זײַנען געווען אי זאַטער פון אַלע איבעריקע, אי בעסער אָנ־געטאָן...

אין משך פון די אַלע טעג האָט דער לערער גאָרנישט באַמערקט. ס'איז אַלץ געגאַנגען שטיל און רויִק. אַ פּאָר מאָל נאָר אַפ די לימודים האָבן אייניקע יאַטן — דעריקער פון די אַלטע שילער — געשטעלט מאָ־דנע, פאַר דער בונדיסטישער שול נישט־געוויינלעכע פראַגעס:

— פאַרוואָס האָבן די אַרבעטער אין ראַטנרוסלאַנד אַזוי ליב סטאַ־לינען?

— פאַרוואָס איז אין רוסלאַנד ניטאָ קיין אַרבעטלאָזיקייט?

— פאַרוואָס נעמט כײַקין נישט צו קיין קאָמוניסטן צו דער אַר־בעט?

— פאַרוואָס אַרעסטירט די אַרגענטינער פּאָליציי נאָר קאָמוניסטן און קיין בונדיסטן קיינמאָל נישט?

דער לערער פלעגט דאָסראָוו פראַגעס אָפּלייגן אַפ פרײַטיק—אַפּן טאָג פונעם אַלגעמיינעם שמועס. דער קלאַס פלעגט. בלײַבן דערמיט נישט־באַ־פרידיקט. דאָך האָבן די שילער זיך געסטאַרעט דערווײַלע נישט אַרויס־צווײַזן זייער אומצופרידנקײַט...

נאָך דער פראַגע וועגן כײַקינען האָט דער שילער כײַקין זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, זײַנע אויגן און באַקן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט, און די הענט האָט ער צוגויפגעדריקט אין האַרטע פויסטלעך. דער לע־רער האָט אָבער צו דער רעכטער צײַט אַפ אים אַ קוק געטאָן, און דער אופגעקאָכטער יאַט האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט. ערשט אַפ דער האַפּ־סאָקע, שוין אין קאָרידאָר, איז ער צוגעלאָפן צום יאַט (איינער פון די זעקס), וואָס האָט געשטעלט די פראַגע.

— וואָסי, מײַן טאַטע געפעלט דיר נישט? וואָרעם דו, איך וועל דיך באַלד צעקוועטשן!..

און ער האָט זיך געוואָרפן אַפ אים מיט די פויסטן. ס'האָט זיך שנעל פאַרקניפּט אַ געשלעג. כײַקינען האָבן אונטערגעהאַלטן זאַסלאַווסקי און בערסוצקי. דידאָזיקע דרײַ יאַטן וואָלטן אָבער זייער שלעכט אָפּגעשניטן, וואָרעם דער גאַנצער קלאַס איז געווען קעגן זיי. האָבן זיך שנעל אַרײַנ־געמישט אַווּרעמל, ביילקע, אַלבערטאָ און גיך געהאָלפן דעם לערער פאַ־נאַנדערײַסן די כעוורע איינעם פון אַנדערן.

ס׳איז געקומען פרײַטיק, שוין דער צווייטער פרײַטיק פאר אונדזערע אייגענע יאטן אין דער פרעמדער שול...

פרײַטיק פלעגט דאָ פאָרקומען אן אלגעמיינער שמועס. ס׳איז געווען אײַנגעפירט אזא מין אָרדענונג: דורך א מערהײַט שטימען קלײַבן די קינדער אויס א פאָרזיצער און א סעקרעטאר. דער לערער זעצט זיך אויך אפ א באנק, און אז ער וויל א וואָרט, דארף ער אויך בעטן באם פאָרזיצער. יעדער שילער האָט רעכט צו פרעגן, וואָס ער וויל, און יעדער שילער האָט אויך רעכט צו ענטפערן. אלצדינג ווערט פראָטאָקאָלירט. דידאַקטישע אײַנפירונג האָט די בונדיסטישע שול איבערגענומען פון דער קאָמוניסטישער. מיט איין ענדערונג נאָר: דאָרטן פלעגן די שמועסן פאָרקומען שאבעס, און דאָ—פרײַטיק. און נאָך עפּעס: דאָרטן, אין דער ארבעטער־שול, פלעג מען פארן שמועס פאָרלייענען די וויכטיקסטע נײַס פון די ארבעטער־צײַטונגען, און דאָ...

דעם ערשטן פרײַטיק האָט מען דאָ דעריקער זיך פארנומען מיט פראגעס וועגן לעבן פון די כײַעס אין זאָאָלאָגישן גאָרטן און מיט פאַנאנדערקלײַבן א בילד, וואָס ס׳איז געגאנגען אין קינאָ,—וויאזוי מע מאכט עס די גרויסע שפרונגען פון הויכע דעכער, און ווער עס איז א בעסערער ארטיסט: לויד האראָלד אָדער טאָם מיקס...

נאָכדעם האָבן אלע אין כאָר געזונגען א ליד—א בונדיסטיש ליד.

הײַנטיקן פרײַטיק איז אָבער אלץ געגאנגען גאָר אנדערש...

קאַנדידאטן אפ פאָרזיצער זײַנען געווען צוויי: כײַקין און אוורעמל גורסקי. האָט כײַקין באקומען נאָר 5 שטימען און אלע איבעריקע 30—אוורעמל. פונקט אזוי איז דורכגעפאלן מיט זײַן קאנדידאטור אפ סעקרעטאר בערסוצקי, אויסגעקליבן האָט מען ביילקען.

די פארזאמלונג האָט זיך אָנגעהויבן...

די ערשטע פראגע האָט געהאט מירקע:

— איך האָב שוין לאנג געוואָלט פרעגן, ווער איז דאָס אָט דער? — און זי האָט געוויזן מיטן פינגער אפ אבראמאָוויטשעס בילד.

א וואָרט אפ צו ענטפערן האָט באקומען לייבקע, איינער פון די נײַע 6 פיאָנערן:

— אבראמאָוויטש—דאָס איז א בונדישער פירער. ער האָט געוואָלט, אז דער ראטנפארבאנד, דאָס פאָטערלאנד פון אלע ארבעטנדיקע...—

א בלייך געוואָרענער האָט זיך דער לערער א הייב געטאָן פון אָרט:

— איך וויל א וואָרט!

דער פּאָרזיצער, אוורעמל, האָט אים איבערגעשלאָגן:

— פאַרשרייַבט זיך אין ריי. ס'זייַנען שוין דאָ אַסאַך פאַרשריבענע.

— כּאַוועד לייבקע, זעצט פאַר!

לייבקע, וועלכער האָט נאָך נעכטן פון אָוונט אף דער פאַרזאַמלונג אין דער ערשטער שול, אויסגעלערנט אבראַמאָוויטשעס ביאָגראַפיע, האָט גענומען ווייטער דערציילן... נאָר דער לערער איז שוין צוגעלאָפן צום טיש און דערקלערט, אַז ער וועט איינגאַנצן איבערייַסן די פאַרזאַמלונג, אויב דער פאָרזיצער וועט ניט צונעמען בא לייבקען דאָס וואָרט. ס'האָבן אויך אופגעהויבן אַ טומל כּייקין מיט זייַן גרופּע.

אוורעמל האָט זיך נישט פאַרלאָרן. נעכטן נאָך, אף דער פאַרזאַמלונג אין דער ערשטער שול, האָט מען אַלץ פאָרויסגעזען און זיך צו אַלץ צוגעגרייט. ער האָט צוגענומען דאָס וואָרט בא לייבקען און עס איבערגעגעבן דעם צווייטן פאַרשריבענעם רעדנער—ביילקען.

— איך וויל וויסן,—האָט ביילקע רויִק געפרעגט,—וואָס איז דאָס אַזוינס דער פינפיאָריקער פּלאַן, וואָס מע פירט דורך אין ראַטנפאַרבאַנד?

דאָ האָט דער לערער געבעטן אַ וואָרט פאַר אַן אויסעראָרדנטלעכער מעלדונג, און ער האָט געזאָגט:

— קינדער! איך זע גאַנץ גוט, אַז איר האָט זיך לעצטנס פאַרינטערעסירט מיט אַסאַך זייער ערנסטע פראַגעס. דאָס איז זייער גוט. אָבער דאָס זייַנען אַלץ אַזעלעכע זאַכן, וואָס איר מיט אייַערע אייגענע ענטפערס וועט זיך נאָך מערער פאַרפּלאָנטערן. איך לייג פאָר דידאַקטיקע אַלע פראַגעס איצטער נישט צו באַהאַנדלען. אין די נאָענטסטע טעג וועל איך אייַך געבן אַ לעקציע וועגן דידאַקטיקע אַלע פראַגעס, און איצטער לאָמיר בעסער מאַכן אַ האַפּסאָקע, וואָרעם ס'איז אַ גרויסער טומל. די קינדער זייַנען הייַנט צו נערוועז פאַר אַ שמועס. קינדער, ס'איז אַ האַפּסאָקע!

כוץ כּייקינען מיט זייַן גרופּע האָט זיך אָבער קיינער פון אָרט נישט אופגעהויבן. און אוורעמל האָט געקלונגען אין גלעקל, בארויִקט אַלעמען און נאָכדעם געזאָגט:

— לערער, מיר זייַנען ניט נערוועז! ווער עס וויל, קען זיך גיין אַהיים. איך שטעל צו אָפּשטימונג: ווער איז פאַר דעם, אַז די פאַרזאַמלונג זאָל פאָרגעזעצט ווערן?

אַלע, כוץ פינפ...

— לערער, איר זייַט פרייַ, אויב איר ווילט.

דער לערער ווישט נערוועז דעם שניט אפ דער נאָז און די גלע־
זער פונעם פענסנע, און אוורעמל, פעסט און רויק, דערקלערט:

— כעווירע, ס׳איז דאָ אסאך זאכן, וואָס איר, ארבעטער־קינדער, דארפט זיך דערוויסן. איר קענט זיך דאָס אלץ דערוויסן נישט דאָ, נאָר אין אן עמעסער ארבעטער־שול און אין דער פּיאָנערן־אָרגאניזאציע.

דער לערער ווערט בלייך און רויט, און ווידעראמאָל בלייך.

ער מאכט ווידער אן אויסעראָרדנטלעכע מעלדונג:

— איך דערקלער א האפסאָקע! איר וואַרפט זיך ניט אונטער, האָב איך איצט מיט אייך נישט וואָס צו ריידן. איך וועל שטעלן די פראגע וועגן היינטיקן טומל פארן עלטערן־קאָמיטעט. אויב איר רײַסט טייקעף נישט איבער די פארזאמלונג, גיי איך ארויס פון קלאס!

אלבערטאָ זאָגט פון אָרט:

— קיינער טרײַבט אײַך נישט. איר מעגט דאָ בלײַבן... מירן די פארזאמלונג נישט איבעררײַסן!

דער גאנצער קלאס אפלאָדירט אלבערטאָן...

דער לערער כאפט זיך מיט ביידע הענט פארן קאָפּ און לויפט ארויס צווערשט אין קאָרידאָר און נאָכדעם אפ דער גאס. מיט אים צוזאמען לויפן ארויס כײַקין, בערסוצקי, זאסלאווסקי.

און אוורעמל, אביסעלע בלייך, אָבער רויק און זיכער, זעצט פאָר:

— כאווײַרים! ארבעטער־קינדער! אײַער אָרט איז נישט דאָ! מע האָט אײַך אָפּגענארט, אײַך און אײַערע טאטעס. איר וועט דאָס באלד אליין פארשטיין. זיצט רויק אפ אײַערע ערטער. מיר וועלן די פארזאמ־לונג פאָרזעצן.

און הויך, און פײַערלעך מיט א שטילן ציטער אין קאָל זאָגט אוו־רעמל:

— איך דערקלער די פארזאמלונג פון דער פּיאָנערן־אָרגאניזאציע בא דער ערשטער ארבעטער־שול פאר געעפנט! אלע קימאט זײַנען מיר דאָ מיטגלידער פון דערדאָזיקער אָרגאניזאציע. א וואָרט פאר א באריכט וועגן דער לעצטער אָפּגעטאָנענער ארבעט באקומט אלבערטאָ! ער וועט אײַך דערציילן, וואָס דאָס איז אזוינס די לענינישע פּיאָנערן־אָרגאני־זאציע.

אלבערטאָ שטייט שוין באם טיש. אלע אפלאָדירן. די אויגן ברענען, די פּענעמער שמייכלען.

יאשקע גייט ארויס פון צימער. אזוי האָט אים געהייסן אוורעמל אין א צעטעלע, וואָס ער האָט אים צוגעשריבן...

און אז אלבערטאָ האלט שוין אינמיטן באַריכט, לויפט אַריַין יאשקע:

— כאווײרים! אַהער גייט דער בונדיסטישער לערער, מיט כייַקינס טאטן, און הינטער זיי גייט, דוכט זיך, א פּאָליציסט.

צוויי־דרייַ קינדער ווערן בלייך. אלע אָבער בלייַבן רויִק אפ די ערטער. אוורעמל דערקלערט:

— כאווײרים! איצט זעט איר שוין אלע, וואָס פאר א שול די בונדיסמישע איז און ווער עס גייט זי פארטיידיקן: דיזעלביקע באלעבאטים און פּאָליציי, וועלכע שלאָגן און ארעסטירן אייַערע טאטעס, ביים זיי גייען ארויס אין א שטרייַק... איך לייג פאָר, מיר זאָלן פונדאנען אוועקגיין, מיר זאָלן די פארזאמלונג אריבערטראָגן אין אונדזער עמעסע היים — אין דער ערשטער ארבעטער־שול! — דאָרטן וועלן מיר זי פארענדיקן צוזאַמען מיט אלע אנדערע כאווײרים אונדזערע און מיט אונדזער עמעסן לערער!

...ווי אלע פרייַטיק, האָט זיך אויך הייַנטיקס מאָל די פארזאמלונג אין דער בונדיסטישער שול געענדיקט מיט א קאָלעקטיוון געזאנג, נאָר נישט מיט דער בונדישער „שוווע”... די קינדער האָבן זיך א הייב געטאָן פון אָרט און אלע מיטאמאָל גענומען זינגען דעם „אינטערנאציאָנאל”, דאָס עכטע און אייביקע ליד פונעם קעמפנדיקן ארבעטער־קלאס.

אין קאָרידאָר האָבן זיי שנעל זיך אויסגעשטעלט צו צוויי אין א ריי, און זינגענדיק ארויס אין גאס.

שנעל זייַנען זיי אוועק אין דער ריכטונג צו דער ארבעטער־שול. אין וועג האָבן זיי געטראָפן דעם בונדישן לערער מיט כייַקינס טאטן. א ביסעלע ווייַטער הינטער זיי, זייַנען געגאנגען צוויי פּאָליציסטן. מע האָט געקאָנט זאָגן, ווי מע וויל: אז די פּאָליציסטן גייען באזונדער, און אז זיי גייען צוזאמען מיט כייַקינען און מיטן לערער... אין פארלעגנהייט האָבן זיי א קוק געטאָן אפ דער פארבייַמארשירנדיקער קאָלאָנע קינדער. דער לערער מיט כייַקינען האָבן זיך פארוווּנדערט איבערגעקוקט.

עמעצער פון די יאטן האָט צוגעוואָרפן דעם לערער:

— אדיע, הער אבראמאָוויטש...

און לייבקע האָט צוגעגעבן:

— גיט איבער א גרוס אייַער גרעסטן רעוואָליוציאָנער, מוישע ראַביינו...

די גרויסע הייסע זון האָט פריילעך געלאכט.

---

# פארשטערט דעמ יאָנטעוו.

דרײַ כאדאָשימ זומער־וואקאציעס האָט געהאט ארמאנדאָ פלאָרעס. דרײַ כאדאָשימ, אזויווי אלע שול־קינדער. נאָר אָפּגערוט האָט ער זיכ נישט. אונ גראָד אָט דאָס יאָר האָט ארמאנדאָ געדארפט האָבנ אביסל אָפּרו אזוי נייטיק, ווי לופט צו אָטעמענ. דער צוועלפיאָריקער יאט, ווי אלע כעוורע פונעמ פינפטנ קלאס, האָט דעמ לעצטנ לערניאָר אסאכ געהאָרע־ וועט: אָנ א שיר שריפטלעכע ארבעט וועגנ די מילכאָמעס אונ „העל־ דישקײַטנ" פונ די ארגענטינער גענעראלנ; אָנ א שיר קאָפּ־ברעכערישע פארפלאָנטערטע אריפמעטישע אופגאבעס; אונ נאָכ מער לידער אונ דערציילונגענ פונ די פאטריאָטישע שרײַבער — זובּרעווענ אפ אויסווייניק.

דערצו האָט נאָכ ארמאנדאָס קערפּער זיכ ראש א צי געטאָנ אינ דער לענג אונ געוואָרנ אלצ דארער, הויט אונ ביינער. ווענ ארמאנדאָ זאָל נישט זײַנ פונ דער נאטור א שווארצגעקרויזטער טונקלברוינער יאט, וואָלט ער ווער ווייסט ווי בלייכ געווענ. נאָר אזוי איז ער געוואָרנ נאָכ פארשווארצטער, אונ די גרויסע שווארצע אויגנ זײַנענ נאָכ גרעסער גע־ וואָרנ אונ טיפער פארקראָכנ אונטערנ שטערנ...

וואָלט ארמאנדאָ אינ די זומער־כאדאָשימ געדארפט זײַנ ערגעצ אינ א קינדער־סאנאטאָריע, זיכ גוט שפּײַזנ, זאָרגלאָז ארומלויפנ איבער פעלד אונ וואלד אונ לייענענ אינטערעסאנטע ביכלעכ, לעבט דאָכ אָבער אר־ מאנדאָ אינ א קאפּיטאליסטיש לאנד, ווו קינדער־סאנאטאָריעס זײַנענ דאָ נאָר פאר די רײַכע, אונ ארמאנדאָ איז דאָכ א זונ פונ א פּאָשעטנ מעטאל־ארבעטער אינ אנ אָפּטיילונג פונ פאָרדס אווטאָמאָביל־זאוואָדנ. אונ גראָד נישט לאנג פאר די וואקאציעס איז דער טאטע געוואָרנ אר־ בעטלאָז, אונ ארמאנדאָ באנאנד מיט דער מאמענ אונ קלייניקנ זויג־שוועס־ טערל זײַנענ געבליבנ אפ הונגער אונ עלנט.

אונ איינמאָל, שוינ אינ די ערשטע טעג פונ די וואקאציעס, קומט ארמאנדאָ אהיימ אונ געפינט די מאמע א פארוויינטע, אונ ער

דערוויסט זיך: נישטאָ מער דער טאטע... און ווער ווייסט, אפ ווי לאנג,— אפ יאָרן מיסטאמע!

הײַנט אינדערפרי — דערוויסט ער זיך — איז דער טאטע, צוזאמען מיט נאָך עטלעכע הונדערט ארבעטער, געשטאנען בא די טויערן פון א פאבריק, ווו מ'האָט געפאָדערט א פּאָר ארבעטער. איז ארויס דער אופזעער פון פאבריק, דערזען אזא גרויסע מאכנע ארבעטלאָזע, האָט ער זיך דערשראָקן — און קיינעם צו דער ארבעט נישט גענומען. האָבן די ארבעטער געמאכט א גרויסן טומל, און אונטער דער אָנפירונג פון א פּאָר קאָמוניסטן האָבן זיי אפשנעל זיך אָרגאניזירט אין א הונגער־מארש און זיך אוועקגעלאָזט אין די רײַכע גאסן מיט געשרייען:

„גיט אונדז ברויט און ארבעט!"

האָט אָנגעיאָגט אנטקעגן א מאכנע רײַטער־פּאָליציי מיט קאנטשיקעס און מיט שווערדן. האָבן די ארבעטער זיך געשטעלט אנטקעגן, געריסן שטיינער פון ברוק און זיך פארטיידיקט קעגן דער פּאָליציי... — האָט מען אין דעם צוזאמענשטויס צעמאזיקט אסאך הונגעריקע ארבעטער און אסאך פון זיי פארשפּארט אין טפיסע. איז ארמאנדאָס טאטע געווען איינער פון זיי.

האָט ארמאנדאָ זיך טיף פארטראכט, שלעכט געשלאָפן די נאכט. און אינדערפרי איז ער אופגעשטאנען א רויקער און אן ערנסטער, ווי אן אלטער. ער האָט אָפּגעזוכט אין שטוב א קליין הילצערן קעסטעלע, א פּאָר שוך־בערשטלעך, א פושקע שוואקס, און די מאמע האָט שטיל געוויינט, ווען ארמאנדאָ איז מיטן גאנצן אָרעמען קלאפּערגעצײַג זײַנעם אוועק אין גאס.

אזוי איז ארמאנדאָ די גאנצע וואקאציע־צײַט אָפּגעזעסן אפ א ראָג גאס און געפוצט שיך, שוויצנדיק און אײַנאָטעמענדיק אין זיך דעם שטויב און רייעך פון אלערליי שיך און פיס. הונדערטער פּאָר שיך האָט ארמאנדאָ געמאכט פרישער און גלאנצנדיקער, און ער אליין, ארמאנדאָ, איז געוואָרן אלץ מער אָפּגעוועלקט און אָפּגעבליאקעוועט...

און אזוי איז אָנגעקומען דער ערשטער טאָג פון נײַעם לערניאָר.

ארמאנדאָ האָט אָנגעטאָן זײַן אָפּגעטראָגן, אויסגעוואקסן ווײַס שול־כאלאטל, גענומען דאָס פעקל ביכער און אוועק אין שול. אוועק אן אומעטיקער, א פארזאָרגטער: מ'וועט איצט דארפן לעבן אפ די פּאָר גראָשנס, וואָס די מאמע פארדינט פונעם וועש וואשן. ווי וועט מען דורכקומען? און כוץ די זאָרגן, האָט נאָך ארמאנדאָ מיטגעבראכט

היינט אין שול א בייזע סינע, א קאס אפ אלע רייכע און זאטע, אפ די פאבריקאנטן און די פאליציסטן, וואס אז מע בעט בא זיי ארבעט און עסן, צעמאזיקן זיי און פארזעצן נאך דערצו אין טפיסע...

אין שול איז געווען ריין, ליכטיק, געפוצט. אינעם צימער פון זעקסטן קלאס זיינען אפ די ווענט געהאנגען באפוצט מיט די נאציאנאלע וויס־בלויע פאנען, די בילדער פון די ארגענטינער גענעראלן און פאטריאטן—בייכיקע אזעלכע און זאטע מיט גאלדענע עפאלעטן אפ די אקסלען און מיט אסאך מעדאלן אפ די ברייט־ארויסגעשטעלטע ברוסטן... און ארמאנדא האט זיי איצט פיינט געהאט, שרעקלעך פיינט געהאט, בא זיי ערגעץ אין א טפיסע, הינטער שווערע שלעסער און אייזערנע גראטעס, זיצט דאך איצט דער טאטע....

קיין לימודים זיינען היינט נישט געווען. צווערשט האט מען שטייענדיק געזונגען דעם ארגענטינער הימן, און נאכדעם האט דער לערער פון זעקסטן קלאס געהאלטן א לאנגע רעדע פאר די קינדער. ער האט זיי דערקלערט, אז איצטער וועלן זיי שוין זיין דער ארויסלאז־קלאס אז איצטער וועלן זיי זיין שוין גרויסע און זיי וועלן דארפן אסאך לערנען, קעדיי צו ווערן גוטע יוגנטלעכע פאטריאטן און געטריייע זין פונעם היילינן „פאטערלאנד". און פארענדיקט האט ער דערמיט, אז אויב עמעצער פון די שילער האט וועלכע ניט איז פראגעס, זאל ער דא פרעגן און באקומען אן ענטפער.

האט זיך אופגעהויבן איינער א יאט, וואס ארמאנדא קען אים נאך פון פינפטן קלאס — פעדריטא, און א פרעג געטאן:

— הער לערער, דערלויבט מיר פרעגן די קינדער, צי אלע האבן היינט געגעסן פרישטיק?

דער לערער האט עפעס מאדנע א צי־אויס געטאן דעם קאפ, ווי ס'וואלט פלוצלינג ענג געווארן דער ווייסער אנגעקראכמאלעטער קראגן, און מיט כשאד א קוק געטאן אפ פעדריטאן:

— וואס איז דאס פאר א פראגע? ס'איז דאך נישט צו דער זאך...

אבער א היפשע גרופע קינדער, און צווישן זיי אויך ארמאנדא, האבן שוין א הייב־אוף געטאן די הענט:

— היינט נישט געגעסן!

פעדריטא אליין האט אויך געהויבן די האנט אפ „ניין", און נישט פרעגנדיק קיין דערלויבעניש באם לערער, האט ער גענומען ריידן...

דער לערער האט זיך עפעס ווי פארלארן פון דער אומגעריכטער

ווענדונג, וואָס דער שמועס האָט אָנגענומען. און פּעדריטאָ איז שוין ווייט אַוועק: ער האָט שוין געדערט וועגן דעם, אַז די קינדער זאָלן פאָדערן היסע פרישטיקן פון שול, און אַז מע זאָל נישט שלאָגן מיט קיין ווי־רעס איבער די הענט, און אַז מע זאָל דערציילן אַמאָל, ווי עס לעבן די אַרבעטער־קינדער אין אַנדערע לענדער און אין סאָוועטנפאַר־באַנד.

פּעדריטאָ איז געווען איינער פון די בעסטע יאַטן אין דער אַרגענ־טינער פּיאָנערן־גרופּע אין דער פּאַטריאָטישער קאַפּיטאַליסטישער אַרגענ־טינער שול, און ער האָט זיך גוט צוגעגרייט צום ערשטן טאָג פון ניי־עם לערניאָר...

אַרמאַנדאָ האָט איצט געקוקט אויף פּעדריטאָן מיט אַ סך ליבע און צופרידנקייט. און פון זיינע דרייסטע רייד זיך אַליין אויך אָנגענומען מיט דרייסטקייט, און ווען דער לערער האָט ענדלעך אָפּגעשטעלט פּע־דריטאָן און געהייסן ריידן אַנדערע קינדער — „אָבער צו דער זאַך״ — האָט אַרמאַנדאָ זיך אופגעשטעלט און אַ פרעג געטאָן:

— הער לערער! איך וויל וויסן, פאַרוואָס זיינען דאָ בא אונדז אין לאַנד אַזויפיל הונגעריקע און אַזויפיל אַרבעטלאָזע?

דער לערער איז אַרויס פון געדולד. ער איז צוערשט רויט געוואָרן און באַלד שטאַרק בלייך. וואָלט היינט נישט געווען דער ערשטער יאָנטעווו־דיקער טאָג פון אָנהייב לערניאָר, וואָלט ער זיכער געזעצט מיט די פויסטן אין טיש און עפּשער געלאָזט אויך די שאַרפקאַנטיקע ווירע אין גאַנג איבער די קינדערשע הענט. נאָר איצט האָט ער פאַרביסן די ליפּן און זיך באַנוגנט מיטן אַלטן געוויינלעכן ענטפער:

— וועסט עלטער ווערן, וועסטו זיך דערוויסן...

אָבער אַרמאַנדאָן, וועלכער האָט איצט דערפילט אויף זיך די דערמו־טיקנדיקע אויגן פון פּעדריטאָן און נאָך עטלעכע כעווריע, האָט דער ענטפער נישט באַפרידיקט:

— דערפאַר פרעג איך דאָך אייך, הער לערער, ווייל איר זיינט דאָך שוין עלטער געוואָרן, ווייסט איר דאָך שוין.

באַם לערער האָט שוין דער געדולד געפּלאַצט. ער האָט אָפּגעהאַקט קורץ און שאַרף:

— אַרמאַנדאָ! מאָרגן מוזטו קומען מיטן טאַטן דיינעם, וועלן מיר שוין אין אינספּעקטער־צימער מיט דיר אַ שמועס טון...

אַרמאַנדאָ האָט זיך נישט פאַרלאָרן:

— באַ מײַן בעסטן ווילן, הער לערער, קען איך מאָרגן מיטן טאַטן נישט קומען. מײַן טאַטע האָט געבעטן אַרבעט אָדער עסן, האָט מען אים דערפאַר אַרײַנגעזעצט אין טפיסע!

צווישן די קינדער אַף די בענק איז דורך אַ שטילער טומל. מ'האָט געקוקט מיט מיטגעפיל אַף אַרמאַנדאָן, און דער לערער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אַזוי? איז דײַן טאַטע גאָר אַ קאָמוניסט? גוט צו וויסן... וועסטו קומען מאָרגן מיט דער מאַמען. און דו, פּעדריטאָ, זאָלסט אויך אָן דעם טאַטן מאָרגן נישט קומען.

פּעדריטאָ האָט זיך אופגעשטעלט:

— גוט, הער לערער! נאָר דערווײַל לייג איך פאָר, אַז דער גאַנצער זעקסטער קלאַס זאָל אָנשרײַבן אַ בריוו אין דער פּאָליציי און פאָדערן, מ'זאָל באַפרײַען אַרמאַנדאָס טאַטן און באַפרײַען אַלע אַרבעטער.

פּעדריטאָ האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן ריידן: דער לערער האָט אים אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאַרק און אַרויסגעשלײַדערט פון קלאַס — נאָר דער יאָנטעוו פון אָנהייב לערניאָר איז שוין אַלצייִנס פאַרשטערט געווען...

---

# דער דריטער פונקט.

ארום האלבער נאכט זײַנען שוין די גאסן אינגאנצן שטיל געוואָרן. די איינצלנע, אָפּגעריסענע ביקס־ און רעוואָלווער־שאָסן האָבן אופגעהערט. אין די טונקל־בלויע הייכן האָבן ראשיק׳געקלאפּט די מאָטאָרן־הערצער פון די מיליטערישע עראָפּלאנען, וואָס האָבן מיט ברייטע געלע פּראָזשעקטער־לאפּעס געשארט און געניסטערט איבער אַלע ווינקעלעך פון דער דריטהאַלבן־מיליאָניקער ארגענטינער הויפּטשטאָט. אין עטוואָס צוגעשטיקטן ליכט פון די גאסן־לאמטערן איז זי איצט געלעגן א פארטײַעטע מיט פארמאכטע לאָדנס און געשוויגן. א שטיל ווינטעלע איז אומגעלאָפן איבער די גאסן, געוואָלט פארקניפּן א שמועס מיט די טונקל־גרינע פּאלמעס. נאָר זיי, ווייניק פילבארע צום שטילן ווינטל, זײַנען געשטאנען אומבאוועגלעך און אים נישט געענטפערט. שטארק באוואָפנטע אָפיצערישע פּאטרולן האָבן פארטריבן אין די הײַזער די לעצטע דרייסטע און נײַגעריקע בירגער.

די „נאציאָנאלע רעוואָלוציע” איז געווען פארענדיקט. בא דער מאכט האָט זיך געשטעלט דער גענעראל אוריבורו, דער פירער פון די פאשיסטן.

און אינדערפרי...

א געוויינלעכער קילבלעכער ארגענטינער זומער־אינדערפרי, א העל־בלאָנדער מיט ליכטיק־בלויע אויגן. די איטאליעניש גרינס־הענדלער האָבן, ווי שטענדיק, אפּ זייערע האנט־וועגעלעך צעפירט גרינוואַרג איבער די הײַזער. ברוינע יונגע יאטן האָבן געטריבן קליינע הערטלעך קי, זיך אָפּגעשטעלט בא די טירן פון זייערע שטענדיקע רײַכע קליענטן. דאָ אפּן אָרט אין בלעכענע קענדלעך אָנגעמאָלקן די פּאָר גלאָז מילך. די קעלבער, מיט לעדערנע שלעסער אַפּ די מײַלער, האָבן דערבײַ יאָמערלעך געמעקעט מיט א הונגעריקן ווייטעק אין די גרויסע אויגן... אָפּגעריסענע, פארכווישעכטע ארבעטלאָזע, וואָס האָבן שוין לאנג פארלאָרן די האָפענונג צו קריגן ארבעט און צוריק ווערן מענטשן, האָבן

מיט שמוציקע אויסגעדארטע פינגער גענישטערט אינ די מיסטקאסטנס בא די טירנ... ארבעטער, וואָס האָבנ נאָכ דערוויַילע יאָ געהאט ארבעט, זיַינענ געגאנגענ אינ די פאבריקנ, קוקנדיק מיט ווײ אונ שרעק אפ זייערע כאוויירימ בא די מיסטקאסטנס:—„ווער ווייסט? עפשער מאָרגנ־איבערמאָרגנ מיר אויכ?..״

א געוויינלעכער ארגענטינער זומערדיקער אינדערפרי...נאָר... אביסל אַנדערש.

אפ די ווענט איז געדיכט געווענ צעקלעפּט דער נײַער ערשטער דעקרעט פונ דער נײַער „נאציאָנאלער״ רעגירונג. די היפּשע פירקאנטיקע פאפירנ זיַינענ געווענ צעקלעפט געדיכט, מע זאָל זיי קענענ לייענענ גרינג, זיכ ניט דארפנ שטופנ ארומ זיי, וואָרעמ בעמיילע האָבנ שוינ מער ווי דרײַ מענטשנ זיכ נישט געטאָרט פארזאמלענ אפ איינ אָרט. די פּאָליציייִשע אונ אָפיצערישע פאטרולנ האָבנ שוינ גענוג פלײַסיק אכטונג געגעבנ אפ דעמ.

האָט מענ זיכ געקליבנ נאָר צו צוויי־דרײַ בא יעדנ פאפירל, געוואָלט, ווי דער שטייגער איז בא נײַע מעלדונגענ, זיכ טיילנ מיט די אײַנדרוקנ איינער מיטנ צווייטנ, זיכ פאנאנדערפרעגנ אונ דורכשמועסנ. אָבער, אז מע איז שנעל דורכגעלאָפנ מיט די אויגנ דעמ קורצנ דעקרעט, האָט מענ איינער צומ צווייטנ שוינ גאָרנישט געזאָגט. מע האָט זיכ נאָר איינער דעמ אנדערנ פארדריסלעכ פארווונדערט אָנגעקוקט, אונ וויניקער פּאָרזיכטיקע האָבנ א שטארקנ קוועטש געטאָנ מיט די פּלייצעס...

אינ ערשטנ פונקט האָט זיכ געזאָגט, אז דאָס לאנד ווערט אפ אנ אומבאשטימטער צײַט דערקלערט אפ באלאגערונג־צושטאנד.

אינ צווייטנ פונקט האָט זיכ געזאָגט: ווער עס וועט שטערנ די געזעלשאפטלעכע רו מיט מינדלעכער אָדער שריפטלעכער פּראָפּאגאנדע, וועט דערשאָסנ ווערנ אָנ א געריכט.

אונ דער דריטער פונקט האָט צוגעגעבנ: יעדער בירגער, וואָס וועט אָנטרעפנ אפ אזא שטערער פונ דער געזעלשאפטלעכער רו, דארפ אימ צופירנ צומ ערשטנ אָפיצער אפ צו דערשיסנ.

די „נאציאָנאלע רעוואָליוציע״ איז געווענ פארענדיקט...

בא איינער א וואנט איז געשטאנענ לעאָנארדאָ ווערגאני. זײַנע הויכע ברייטפּלייציקע 22 יאָר האָבנ געזאָטנ פונ סינע אונ צאָרנ.

די גרויסע שווארצע אויגן אין דארן ברוינעם פּאָנעם האָבן געברענט מיט אַ צייִן־קריצנדיקער פינצטערניש. ער האָט נישט אויסגעהאלטן און ארויסגעלאָזט אַ שראַפּ איטאליעניש זידל־וואָרט און שנעל אָפּגעגאנגען פון דער וואנט.

דער יונגער איטאַליענישער מעטאַליסט איז געגאנגען אַף דער ארבעט אין זאוואָד. ער איז איצט געגאנגען שנעל, זיך נישט ארומקוקנדיק אַף די זייטן. זייַן ברייטע הארטע האנט האָט אין הויזן־קעשענע, ווי אַ שאַרף־געלאָדענעם רעוואָלווער צונויפגעדריקט אַ ראָלקע שמאָלע לאנגע בלעטלעך—אַן איבערבלייַב פונעם היפשן פעקל, וואָס ער האָט נעכטן נישט באַוויזן איינגאנצן צו פארטיילן.

— „מערדערס! הענקערס!״—האָט שטיל געברומט פאַר זיך לעאָנארדאָ, צונויפדריקנדיק די בלעטלעך אין קעשענע און טראַכטנדיק וועגן דער ווייַטערדיקער ארבעט פון קאַמיוג, וועגן די נייַע מעטאָדן, וועלכע ס׳וועט אויסקומען אָנצוווענדן, אוועקגייענדיק אין אונטערערד. פאַר אים, אגעוו, איז די אונטערערדישע ארבעט קיין נייַס נישט געווען. ס׳איז נאָך קיין פולע צוויי יאָר נישט געווען, זינט ער איז געקומען אהער פון איטאַליע.

„מוסאָליני האָט אויסגעלערנט״—פלעגט ער זיך וויצלען די לעצטע צייַט, ווען ס׳איז שוין קלאָר געווען, אַז די טעג פון דער „לעגאַלקייַט״ אין ארגענטינע זייַנען געציילטע.

אזוי טראַכטנדיק, איז ער ארייַן אין זאוואָד, אופגעהאַנגען דעם בלעכענעם נומער זייַנעם און אוועק אין צעך. אזוי טראַכטנדיק, האָט ער איינגעשלאָסן אינעם עלעקטרע־שטראָם זייַן טאָקער־ווארשטאַט.

דער אופזעער האָט אָפּגעשטעלט זייַן שווערן פליישיקן גוף לעבן לעאָנארדאָס ווארשטאַט. אָנגעקוקט לעאָנארדאָן מיט די כיטרע גרויע אייגעלעך און אַ זאָג געטאָן:

— איז וואָס, לעאָנארדאָ? מער וועלן מיר שוין פון דיר קיין צאָרעס דאָ ניט האָבן, אַ־יאָ? ווערסט שוין מער קיינעם נישט בונטעווען, האַ? שוין צייַט צו ווערן אַ סטאַטקאָווער מענטש... האָסט דאָך געלייענט דעם דעקרעט. אַ שאָד, אַזאַ שיינער געזונטער יאַט, ווי דו... זע, היט זיך, דייַן קאָלע זאָל נישט דארפן ווערן קיין אַלמאָנע, נאָך איידער זי האָט כאַסענע געהאַט...

אינעם רויש פון די מאָטאָרן איז דערטרונקען געוואָרן לעאָנארדאָס צאָרנדיק שאַרף זידל־וואָרט...

עטלעכע מינוט פארן מיטיק־איבערײַס איז אין צעך אריַין דער עלטסטער אופזעער פון זאוואָד, א פּאָר אָפּיצערן און א פּאָר ציוויל־געקליידטע.

די ציוויל־געקליידטע האָט לעאָנארדאָ געקענט. ער פלעג זיי אָפט זען אף קאָמוניסטישע מאסנ־מיטינגען. ער האָט גוט געוווסט נאָך דאן, אז ווען ער גייט צו צו זיי און הייבט אוף זייער לאַץ, טאפּט ער זי־כער אָן דאָרטן אף דער לינקער זײַט דעם ווײַס־בלויען עמאלירטן צייכן פון דער ארגענטינער געהיים־פּאָליציי.

די מאָטאָרן זײַנען שטום געבליבן. די פאָרשטייער פון דער „נא־ציאָנאלער רעוואָליוציע" האָבן באקומען דאָס וואָרט...

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אונטערזוכונג.

א הונדערט ארבעטער זײַנען געשטאנען לענגויס דעם צעך, בא די ווארשטאטן, די ברוינע הענט פארהויבן אינדערהייך, זײַנען זיי גע־שטאנען מיט קאלטע פארגליווערטע פּנעמער און אויסדריקלאָזע אויגן. די שפּיאָנעס זײַנען י"כ דורכגעגאנגען לענגויס די רייען און אומ־זיסט געשטאָכן מיטן שארף פון די אויגן אין די אויסדריקלאָזע פּנע־מער פון די ארבעטער. האָריקע הענט האָבן געשלעפּט פון די קעשע־נעס פון די ספּעצ־קאָסטיומען אלץ, וואָס דאָרטן האָט זיך געפונען, און אנטוישטע האָבן זיך די הענט אומגעקערט צוריק: נישט געווען אין די קעשענעס גאָרנישט אזוינס, וואָס זאָל „שטערן די געזעלשאפטלעכע רו".

אין טיפער שטילקײַט איז די אונטערזוכונג שוין געגאנגען צו איר סאָף. געבליבן איז אינגאנצן בלויז א דרײַ־פיר ארבעטער צו באזוכן. אף די אָפּיצערישע גלאט־ראזירטע מוסקולדריקע ברוינע פּנעמער האָט זיך צעלייגט אן אומצופרידנקײַט...

נאָר באלד האָבן די פּנעמער זייערע אופגעלײַכט מיט א וויסטער בייזוויליקער פרייד: דער שפּיאָן, וואָס האָט באזוכט לעאָנארדאָן, האָט אזש אויסגעשריגן פון האנאָע:

— הער קאפּיטאן, ס'איז דאָ!

און אין זײַן ווייכער האָריקער האנט האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט דאָס בלעטל פון ארגענטינער קאָמיוג.

לעאָנארדאָ איז א רעגע געוואָרן טויט־בלייך, נאָר באלד האָט א שטארקע רויטקײַט זיך אָנגעצונדן אף דער ברוינקײַט פון זײַן פּאָנעם. ער האָט עפּעס געפּרוווט זאָגן, נאָר דער שפּיאָן האָט אים צוגעטראָגן דעם רעוואָלווער צום שלייף:

— שוויַיג, פּאסקדוקסטווע דו!..

און צום עלטערן אָפיצער:

— הער קאפּיטאַן! פּילט אויס דעם דריטן פּונקט פון דעקרעט!

די ארבעטער זיַינען נאָך אַלץ געשטאַנען אין דער פריִערדיקער פּאָזע, די הענט אינדערהייך, נאָר אַף די בלייכע פּענעמער האָט זיך אויסגעלייגט א ווילדע שרעק, און דעם עלטערן אופזיער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ערגעץ דאָ נאָענט לעבן אים האָבן צייַן א קריץ געטאָן...

לעאָנאַרדאָ איז איצט געשטאַנען אינמיטן צעך, ארומגערינגלט מיט די פּאָרשטייער פון דער „נאַציִאָנאַלער" מאכט. ער האָט ווידעראַמאָל געפּרווט עפּעס זאָגן, נאָר אַף זיַין פּאָנעם האָט זיך אָוועקגעלייגט, צווישן אויער און מויל, א ברוין־בלויע קישקע פון א גומענעם קאַנטשיק.

לעאָנאַרדאָ איז נאָך אַלץ געשטאַנען אינמיטן צעך. איצט זיַינען בא אים זיַי הענט פּאַרדרייט געווען אהינטער און פּאַרקייטלט. דער עלטערער אָפיצער האָט הויך איבערגעלייענט דעם דעקרעט, איבערגעלייענט, ווי א טויט־אורטייל, און נאָכדעם א זאָג געטאָן צום יִינגערן:

— הער אָפיצער! פּילט אויס איַיער הייליקע פליכט פאַר איַיער הייליקן רומפולן פּאָטערלאַנד!

אין דער מינוט האָט איינער אַן אַלטער גריַיז־גרויער ארבעטער אראָפּגעלאָזט די הענט, ארויסגעלאָפן פון דער ריי און צוגעלאָפן צום קאפּיטאַן. די איבעריקע מאכט־האָבער האָבן נאָך נישט באוויזן זיך צו אָריענטירן אין דער לאַגע, נישט געוווסט, וואָס צו טון מיטן אַלטן, און ער האָט דערוויַיל מיט א ציטערדיקער שטים געזאָגט:

— הער קאפּיטאַן! טשעפּעט אים ניט! ער איז אַן אָרנטלעכער וווילער ארבעטער. כוץ גוטס האָט ער אונדז קיינעם גאָרניט ניט געטאָן... האָט ראכמאָנעס אַף אים... ער וועט שוין דאָס מער ניט טון... נעכטן האָט מען דאָך נאָך דאָס געמעגט...

דער קאפּיטאַן האָט אים אָנגעקוקט מיט א גיפטיק שמייכעלע:

— „נעכטן האָט מען געמעגט"... איכל דיר וויַיזן, ווי מע האָט געמעגט... דו, אַלטער הונט, ביסט אויך אזא, ווי ער... שטעל זיך לעבן אים!.. אָפיצער, איר וועט שוין מוזן פּאַטערן נאָך א קויל. דאָס פּאָטערלאַנד פּאָדערט עס...

דער אלטער האָט זיך שנעל און שווער אראָפּגעלאָזט צו די פיס פונעם קאפּיטאַן און ארומגעפּלאָכטן די גלאַנציקע שטיוול מיט זײַנע אויסגעהאָרעוועטע הענט...

— הייב זיך אויף, נעווײַלע דו !.. — האָט אויסגעבראָמט דער קאפּי־טאַן. — ארגענטינער דערשיסט מען ניט ליגנדיק...

ביידע שפּיאָנעס האָבן אופגעהויבן דעם אלטן און אים אוועקגע־שטעלט לעבן לעאָנאַרדאָן. ער איז אזוי געשטאַנען אפ קאַלט־געוואָרע־נע ציטערנדיקע פיס, און פון די צעשראָקענע אלטע רויטלעכע אויגן האָבן אָנמעכטיק געגאָסן די טרערן.

לעאָנאַרדאָס שלייפ האָט דערפילט דאָס לײַכטע פרעסטעלע פונעם רעוואָלווער־מויל.

נאָר דער קאפּיטאַן האָט געמאַכט עפּעס א צייכן צום אָפיצער — און יענער האָט דאָס רעוואָלווער־צינגל ניט אָנגעדריקט. דער קאפּיטאַן האָט זיך געווענדעט צו לעאָנאַרדאָן:

— הער דו, יונגערמאַן! דו קענסט נאָך לעבן, אויב דו ווילסט. עט־לעכע אדרעסן פון באַקאַנטע דײַנע... דוכט זיך, ניט קיין הויכע פּרײַז פאַר אזא יונג לעבן, ווי דײַנס...

לעאָנאַרדאָ האָט געשוויגן. דער קאפּיטאַן האָט פאַרגעזעצט...

— עטלעכע אדרעסן... מירן זיי גאָרנישט טון, די כאַווײרים דײַנע, מיר וועלן נאָר אכטונג געבן אפ זיי...

לעאָנאַרדאָ האָט געביסן די ליפּן און געשוויגן.

— ווילסטו, הייסט עס, גאָרנישט זאָגן, הא? גאָרנישט?..

— ניין, איך וויל יאָ. — לעאָנאַרדאָס קאָל איז געווען הילכיק און פעסט. מיט זיכערקײַט האָט לעאָנאַרדאָ געקוקט דעם טויט אין די אויגן. ער האָט געפילט א טיפע ווייטעקלעכע באַפרידיקונג, וואָס ער שטאַרבט ניט אומזיסט און וואָס א הונדערט ארבעטער שטייען בא זײַן טויט און וועלן מאַכן די געהעריקע אויספירן פון אים...

— איך וויל זאָגן, הער קאפּיטאַן, אז איך בין דאָך, אייגנטלעך, א ניט־איוורעדיקער. מע האָט מיר מיט עטלעכע טעג צוריק געגעבן די בלעטלעך אפ צעטיילן... מע האָט מיר דערפאַר באַצאָלט... בא מײַן פאַרדינסט אין זאַוואָד קען מען דאָך שטאַרבן פון הונגער... איך האָב אן אַלטע מוטער אין איטאַליע, דאַרף איך איר אויך שיקן געלט. איך ווייס דאָך נישט, וואָס אין די בלעטלעך שטייט...

— מע ווייסט דײַנע כאָכמעס, יונגערמאַן, — האָט דער קאפּיטאַן

אים איבערגעשלאָגן, — דו ווערסט אונדז דעם קאָפּ ניט פאַרדרייען! מער האָסטו גאָרניט צו זאָגן?

— יאָ, הער קאַפּיטאַן, איך וויל וויסן, וואָס אין די בלעטלעך שטייט. לייענט מיר איבער א בלעטל, וועל איך שוין וויסן אַף ווײַטער, וואָס מע טאָר ניט...

אַך, האָט זיך לעאָנאַרדאָ געוואָלט, אַז די הונדערט אַרבעטער, וואָס שטייען דאָ, זאָלן אויסהערן דאָס בלעטל!

דער קאַפּיטאַן האָט זיך אַרומגעקוקט. די אַרבעטער זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען מיט פאַרגליווערטע פּנימער. נאָר הונדערט פּאָר אויגן האָבן געברענט מיט צאָרן און געשריגן: לייען איבער!

דער עלטערער אופזעער האָט זיך אַרײַנגעמישט:

— הער קאַפּיטאַן! ער איז א גראַמאָטנער... אין קאָנטאָר ליגן זײַנע מעלדונגען וועגן העכערן דעם לוין... ער האָט זיי אַליין געשריבן פאַר מיר אין די אויגן... ער וויל אײַך מאַכן פאַר א באָלשעוויצקן אַגי־טאַטער, איר זאָלט אַליין פּאָפּוליאַריזירן די בלעטלעך זייערע, הער קאַ־פּיטאַן!

דער קאַפּיטאַן האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ:

— נו, וואָס ווערסטו איצט זאָגן, יונגערמאַן? הער אָפיצער! פּילט אויס אײַער פליכט פאַרן פאָטערלאַנד!

דער רעוואָלווער איז ווידער געווען בא לעאָנאַרדאָס שלייף. ס'איז געווען די לעצטע מינוט. ס'איז געבליבן צײַט נאָר פאַר א קורצן אויסגעשריי:

— זאָל לעבן די קאָמפּאַרטיי!

מיט א טעמפּן קלאַפּ האָט זיך דער גרויסער שטײַפער קערפּער אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד.

ווען דער קאַפּיטאַן מיט זײַנע באַגלייטער זײַנען אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך דעם קאַפּיטאַן געדוכט, אַז עמעצער האָט הינטער אים א ברום געטאָן: „מערדער!"

ער האָט זיך אויסגעדרייט און א געשריי געטאָן:

— ווער נאָך?!..

און איז שנעל אַרויס: די נערוון זײַנען שוין בא אים געווען צו־פיל אָנגעשטרענגט. איז עפּשער האָט זיך אים דאָס בלויז אויסגעדוכט, אַז די צוויי הונדערט פּראָלעטאַרישע הענט, וואָס האָבן זיך הינטער אים אַראָפּגעלאָזט, האָבן זיך צונויפגעדריקט אין אַזעלכע גרויסע שווערע האַרטע פויסטן...

---

# די געשיכטע וועגן דעם פייגעלע.

קאָרדאָבע איז איינע פון די שענסטע און קלימאַטיש־געזונטסטע פּראָווינצן אין אַרגענטינע. זי איז הויך איבערן פלאך פון אָקעאן און האָט זיך צוגעמאָסטעט מיט א זייט צו די פילקאָלירנדיקע, אויסטערליש־געשטאַלטיקע אָפּריסן פון די אנדן־בערג.

א קילאָמעטער זיבעציק פון דער שטאָט קאָרדאָבע, די עלטסטע שטאָט אין אַרגענטינע, צווישן בערג פון אָנדערהאַלבן־צוויי קילאָמעטער די הייך ליגט דאָס שטעטל קאָסקין. דער גרעסטער טייל פונעם 70־קילאָמעטערדיקן וועג קלעטערט באַרג אַרויף דורך גאַנץ שמאָלע באַרג־שפּאַלטן, וואָס ווערן ערטערווייז איבערגעריסן דורך רוישיק־האַסטיקע באַרג־שטראָמען. דער וועג איז אַזוי שמאָל, אַז ס'איז קימאַט אוממעגלעך צו שטיין אויפן טרעפּל פון וואַגאָן: אַזוי נאָענט גייען צו די איבערן וואַגאָן הענגענדיקע שטיקער גראַניט... דאָ איז איינס פון די סאַמע שענסטע און געזונטסטע פּלעצער אין לאַנד. דאָ געפינען זיך די זומער־היימען פון די אַרגענטינער פּריצים און פאַבריקאַנטן. אַרום־און־אַרום אויף די בערג זייַנען דערטרונקען אין גרינס און בלומען ווייַסע גראַנדיעזע פּאַלאַצן, פילפענצטערדיקע, פליגלדיקע — פייַנע מוסטערן פון צפון־אַמעריקאַנער אַרכיטעקטור.

דאָ וווינען די רייַכסטע מאַכטהאָבער פונעם לאַנד. זיי וווינען אין דערהייך. און אונטן, צופוסנס די בערג, וווינען די סאַמע אָרעמסטע פאַרוואָרלאָזטע גאַוטשאָס, די אַרגענטינער אָרעמפּויערים, אָפּשטאַמלינגען פון די ערשטע שפּאַנישע איינוואַנדערער, וואָס האָבן זיך דאָ אויסגעמישט מיט די אינדיאַנער. ס'איז א גרויסער מעהאַלעך פון דער אָרעמפּויערשער „ראַנטשאָ" — דאָס פון ליים צונויפגעקלעפּטע פּרימיטיווע שטיבל — ביזן ווייַסן פּריצישן „טשאַליעס" (פּאַלאַץ). מ'דאַרף לאַנג זיך דראַפּען אויפן שמאָלן שרויפיקן שטעג. אָבער וואָס פאַר א ריזיקער מעהאַלעך עס איז צווישן דיביידע לעבנס!..

דער פּויער, צופוסנס דעם באַרג, האָט נישט קיין שטיקל אַקער־ערד. ער האָט אויך נישט קיין אַקער. זייַן פאַרמעגן באַשטייט פונעם

ליימענעם קעסטל, וואָס פאַרנעמט א פּאָר קוואַדראַטע מעטער פו
פריַיען בארג. אהינ קריכט ער אריַינ דורכ א פּירקאַנטיקער לאָכ־טיר
וואָס ווערט אפּ נאכט פאַרהאַנגענ מיט א פוג זאק געמאַכטנ פאָרהאַנג
אפּ דער ערדענער פּאָדלאָגע שטייענ א פּאָר „קאַטרעס״ — צונויפגעלייג־
טע ליַיוונטענע בעטלעכ, א קליינ נאַקעט אליינ געמאַכט טישל, א פּאָר
שטרויענע בענקלעכ. דאָ לעבט אָפּטמאָל אינ ענגשאַפט אונ שמוצ א
פאַמיליע פונ 5־6 אונ מערער נעפאַשעס. די פאַמיליע באַטראַכטעוועט
אפּ דעם פּאָרעצס פעלדער אינ דער אומגעגנט, אָדער גייט אינ נאָענטנ
שטעטל אפּ הויזאַרבעט. דאָס אלצ צוזאַמענ גיט אָבער ניט גענוג, אפּי־
לע אפּ הונגערלעבנ. „ראַטעווענ״ דערפאַר ארויס די וויַיסע פאַלאַצנ אפּ
די בערג־רוקנס. דער פּויער האָט א ציג — אונ די פּריצים זאָגנ, אז ציגנ־
מילכ איז זייער געזונט פאַר קינדערשע מאָגנס... האָדעוועט דער פּויער
די ציג מיטנ גראָז, וואָס וואַקסט אפנ בארג. גיט די ציג מילכ, נעמט
דער פּויער דאָס קריגל מילכ אונ טראָגט עס אוועק אינדערהייכ אונ באַ־
קומט דערפאַר פּונקט אזויפיל, עס זאָל אימ קלעקנ אפנ טאָג „מאַטע״
(ביטערלעכער ארגענטינער טיי) מיט טונקעלע „גאַליעטנ״ — סוכאַרלעכ
אזעלכע, וואָס מ׳דאַרפ צו זיי שטאָלענע ציינ, אָדער מע מוז זיי פריִער
א וועכ טונ אָנ א שטיינ, קעדיי זיי זאָלנ זיכ צעטיילנ אפּ קליינע שטי־
קעלעכ...

דעם פּויערס קליינינקע אויסגעדאַרטע קינדערלעכ שפּילנ זיכ זייער
אָפט מיט די ציגנ. קינדער מוזנ דאָכ האָבנ א לעבעדיקע באַשעפעניש,
מיט וועמענ זיכ צו שפּילנ. אָבער איר וואָלט געדאַרפט זענ די קינדער־
שע אויגנ אינ יענע מינוטנ, ווענ מע מעלקט די ציג אינ קריגל אריַינ:
אי טרויער, אי פאַרדראָס, דוכט זיכ, סינע צו אָט דער באַשעפעניש,
וואָס גיט אָפּ די וויַיסע געשמאַקע פליסיקיַיט פאַר פרעמדע, אונ רעכנט
זיכ גאָרניט מיט די טריקענענדיקע קינדערשע ליפּנ אונ איַינגעפאַלענע
בעקלעכ...

פאַרנאַכטלעכ זיַינענ מיר געוועסנ, א גרופּע שטאָטישע, קאָרדאָבער,
לעבנ א פּויערשער „ראַנטשאָ״. דער גאַסטפריַינטלעכער גאַוטשאָ האָט
אונדז אפּגענומענ מיט מאַטע... מיר זיַינענ געזעסנ אונ געשמו־
עסט. ארומ אונדז, מיט די פיס אונטער זיכ אפנ גראָז, איז געזעסנ די
ברוינע, קינדער־ריַיכע פאַמיליע.

די גאַוטשאָס זיַינענ טאַלאַנטפולע זאַפטיקע מענטשנ. זיי דערציילנ

זייער פײַן א מײַסע און באגלייטן נאָך שענער אף גיטארע די אלטע ווייכע טרויעריקלעכע גאוטשאָשע פאָלקסליד.

האָט דער גאוטשאָ געשמויכערט די דיקע ציגארן, וואָס מיר האָבן אים געגעבן, און דערציילט:

— מײַן עלטער־עלטער־זיידע, לויט דער מאמעס ליניע, איז געווען אן אינדיִאנער, פונעם שטאם אראוקאנער. ער האָט דאָ אין לאנד געהאט גרויסע שטיקער ערד און גרויסע טשערעדעס. איז אז עס זײַנען געקומען די שפאניער, האָט ער זיי אופגענומען מיט פרייד: ווײַסע קלוגע מענטשן, וואָס קענען אי שרײַבן, אי בויען הײַזער, אי היילן קראנקע. די ווײַסע האָבן דאן געבויט די שטאָט קאָרדאָבע.

איז געקומען אמאָל א שפאנישער אָפיצער צו מײַן עלטער־עלטער־זיידן און אים געבראכט א מאטאָנע א גרויסע פלאש בראָנפן. מײַן אורזיידע האָט פארזוכט דעם געטראנק, און ס'איז אים געפעלן געוואָרן: ס'ווערט עפעס אזוי ווארעם אין אלע גלידער, דער קאָפ ווערט אי שווערער, אי גרינגער... האָט ער ארײַנגעזופט א היפש ביסל. אז דער אָפיצער האָט זיך שוין געקליבן אוועקגיין, האָט ער, דער אָפיצער, ארומגענומען מײַן אורזיידן, צוגעטוליעט צו זיך, און פון קעשענע האָט ער בײַס מײַסע ארויסגענומען עפעס א פארשריבענעם פאפיר און געזאָגט:

— אָ, פרײַנט מײַנער! גרויסער קופערהויטיקער פרײַנט מײַנער! צום געדענקען אונדזער פרײַנטשאפט, וואָס וועט זיך ציִען אף אייביק, וויל איך פון דיר א צייכן. אָט דאָ אונטן, באם ראנד פונעם פאפיר, לייג אוועק דײַן כסימע, שטעמפל דאָ אָפ דײַן רינג מיטן פייגעלע. ווען נאָר איך וועל א קוק טון אפן פייגעלע, וועט דאָס הארץ מײַנס זיך נעמען צאפלען, ווי א פייגעלע, און בענקען נאָך דיר, אָ, גרויסער פרײַנט מײַנער!

וואָס האָט מײַן אורזיידע געוווסט? — פאר פרײַנטשאפט איז ער געווען גרייט דאָס לעבן אוועקגעבן, און נאָך פאר אזא פרײַנט, וואָס ברענגט אזא מין שטארק, פריילעך־מאכנדיק וואסערל... וועט מײַן זיידע נישט אָפשטעמפלען זײַן פייגעלע אפן ראנד פונעם פארשריבענעם פאפיר?

און אין א פאָר טעג ארום איז געקומען צוריק דער אָפיצער מיט סאָלדאטן מיט ביקסן, און מ'האָט גענומען ארויסטרײַבן דעם זיידן מײַנעם מיט זײַנע אלע נאָענטע מישפאָכעס פון די ארומיקע פעלדער, און מ'האָט גענומען אָפצאמען די פעלדער. האָט דער זיידע נישט פארשטא־

נען, וואָס דער „פּרײַנט" זײַנער טוט דאָ. האָט אים דער „פּרײַנט" קורצ און קלאָר דערקלערט:

— דו, רויטער טײַוול, מיט דײַנע אַלע הינטישע קרויווים, האָסט דאָ מער נישט וואָס צו טון. קלײַב זיך וואָס שנעלער פונדאַנען, אין די בערג, אין די וועלדער — צו אַלדע שווארצע יאָר! דאָס אַלץ, וואָס דו זעסט דאָ ארום, איז אלצ מײַנס; דו האָסט דאָך דאָס אליינ מיר פאַר־קויפט מיט א פּאָר טעג צוריק. געדענקסט שוינ נישט, הינטישער פאַר־צעפּ?! אָט איז דאָך דײַנ כסימע...

און אינ פּאַפּיר, אפ וועלכנ מײַנ זיידע האָט געלייגט זײַנ פייגעלע, האָט זיך טאקע געזאָגט: „אַלע פעלדער, מיט אלצ, וואָס זיי האָבנ אפ זיך פונויבנ, ביז צום הימל, און אַלצ, וואָס זיי האָבנ אינ זיך, ביז צום אָפּגרונט, פּאַרקויפ איך דעמ דאָנ *) ראַמירעז דע וואַסקעז פונ היינט ביז אפ אייביק".

אומזיסט האָט מײַנ אורזיידע געשריגנ, געברומט און געריסנ אפ זיך די לאַנגע גלײַכע האָר — ס'האָט גאָרנישט געהאָלפנ: אפנ ראַנד פונ־נעמ פּאַפּיר איז געלעגנ מיט צעפּלאַסטעטע פליגעלעך דאָס פייגעלע, — און דער שפּאַנישער קעניגלעכער געזעצ איז געווענ אפנ אָפּיצערס זײַט.

און אז דער זיידע מיט זײַנע אלע זינ, טעכטער, אייניקלעך און קרויווישע מישפּאָכעס האָבנ זיך געשטעלט אנטקעגנ דער רויבער־באַנדע, האָט מענ גענומענ ריידנ אפ מילכאָמע־שפּראַך. מײַנע זיידעס האָבנ גע־האט נאָר פײַלנ און שטיינער, און דער שפּאַנישער קעניגלעכער געזעצ האָט געהאט אסאך ביקסנ און קוילנ. פונ אונדזער שטאַמ איז ווייניק־ווער לעבנ געבליבנ. נאָר דער זיידע האָט זיך געראַטעוועט און אוועק־ערגעצ אינ די וועלדער.

לאַנג האָט געלעבט מײַנ זיידע. ארומוואַנדלענדיק אינ די וועלדער און בערג, האָט ער צענדליקער יאָרנ געהאַלטנ אינ איינ טראַכטנ פונ נעקאָמע און פונ בעסערע צײַטנ, נאָר ער האָט זיך דאָס נישט דער־לעבט. אז ס'איז געקומענ זײַנ צײַט צו שטאַרבנ, איז צו אים אינ וואַלד־בײַדל געקומענ א שפּאַנישער גאַלעך און א מינוט פאַרנ טויט אים געוואָלט מאכנ פאַר א קריסט (מײַנ זיידע איז נאָך קיינ קריסט ניט געווענ). דער זיידע, קוימ וואָס דער קאָפּ האָט אים נאָך ארויסגעשטעקט פונ יענער וועלט, האָט זיך נאָך אלצ געאַקשנט און מיט בלאָנדזשנדיקע ווערטער נאָך אלצ גערעדט וועגנ יענעמ פייגעלע אפנ קריסטלעכנ פּאַפּיר...

*) דאָנ — פּאָרעצ.

איז דער גאלעכ געפאלנ אפ אנ אײַנפאל. ער האָט מיט זיכ געהאַט מיטגעבראכט עטלעכע הײליקע בילדער, געמאָלטע מיט אסאכ פארבנ. האָט ער פארנ האלבטויטנ מענטשנ צעוויקלט צוויי בילדער. אפ אײנעם האָבנ טײַוולאָנים געהאלטנ איבער א מוירעדיקנ פײַער א מענטשנ אָנ־געשטעקט אפ א שפיז אונ אימ געבראָטנ אינ שרעקלעכע יעסורים—דאָס איז געווענ דער גענעם; אונ אפנ צווייטנ בילד איז מענ געזעסנ פריי־לעכע, צופרידענע אונ ליכטיקע, ווי דער באַגינענ אינ די בערג — אונ מע האָט געגעסנ פונ אלדאָס גוטס, אונ מ׳האָט געשפילט אונ געטאנצט, אונ איבער זיי איז געשטאנענ גאָט מיט זײַנ לאנגער ווײַסער באָרד אונ זיכ געשמעלצט פאר נאכעס — דאָס איז געווענ דער גאנײדנ.

צו די האלב שוינ אויסגעלאָשענע אויגנ פונ מײַנ זײדנ האָט דער גאלעכ צוגעטראָגנ אײנ בילד נאָכנ אנדערנ: „קלײַב זיכ אויס, מענטשנ־קינד, אנ אָרט אפ יענער וועלט, אָט דאָ אָדער דאָרטנ”... דער זײדע האָט מיט א צוגעשטילט קאָל זיכ פאנאנדערגעפרעגט אפנ גאנײדנ: עס געפעלט אימ, אוואדע. נאָר ווער וועט ער דאָרטנ האָבנ פאר שכיי־נים?

— וואָס הייסט וועמענ? אלע גוטע אונ פרומע קריסטנ, יעזוסנ אלײנ אויכ, דעמ גרויסנ גאלעכ טאָרקוועמאדאָ, די שפאנישע קײסאָרימ, מיכ איבער הונדערט אונ צוואנציק יאָר, אונ דעמ גרויסנ האר, דעמ דאָנ... ראמירעז דע וואסקעז.

באמ זיידנ האָבנ זיכ די אויגנ איבערגעקערט פאר שרעק. ער האָט קוימ באַוויזנ אויסצוכריפענ: — ניינ־ניינ... איכ וויל בעסער אינ גע־נעמ... — אזוי איז ער געשטאָרבנ, נישט קײנ קריסט...

דער גאוטשאָ האָט געענדיקט דערציילנ. קיל האָט זיכ אראָפּגעלאָזט א טונקל־בלויע נאכט אפ די בערג. הויכ איבער אונדז האָט עלעקטריש אונ פילפענצטערדיק געלויכטנ א ווײַסער פאלאצ. ס׳האָבנ זיכ דערטראָגנ אָפגעריסענע טענער פונ א „טאנגאָ”, א טאנצ אזא. דאָרטנ איז געגאנ־גענ א באל. דאָנ ראמירעז דע וואסקעזס אײניקלעכ האָבנ נאָכ ביז הײַנט געהוליעט אפנ כעזשבנ פונעמ אויסגענארטנ „פײגעלע”.

— הער, אמיגאָ *), — האָט אײנער פונ אונדז זיכ געווענדעט צומ גאוטשאָ, — דו האָסט געהערט פונ א לאנד מיטנ נאָמענ „רוסלאנד”?

— וואָס איז דאָס פאר א פראגע?!

— נו, אונ לעניג, ווייסטו, ווער איז דאָס געווענ?!

*) פרײַנט.

— דו רעדסט שוין טאקע, ווי צו א ווילדן... ווער ווייסט דאָס נישט?

— ווייסטו דאָך, וואָס דאָס איז באָלשעוויקעס און סאָוועטן אויך?

— נו, ווי דען! ווער ווייסט דאָס נישט?

— ווייסטו דאָך אוודע, וואָס מע האָט דאָרטן געטאָן מיט די דאָן ראמירעזעס אייניקלעך?

דער גאוטשאָ האָט א שמייכל געטאָן:

— מע האָט דאָרטן געטאָן דאָס, וואָס מיר וועלן דאָ אמאָל טון מיט זיי!

פון הינטער א בארג איז אפּ א פלינק ברוין פערדל ארויסגעריטן א יונגער יאט, א גאוטשאָ, ער איז אראָפּגעשפּרונגען לעבן דער ראנטשאָ, זיך וווילינגעריש מיט אונדז אלעמען געגריסט, זיך אָנגעגאָסן מאטע. אָבער מיר האָבן באמערקט אין זיינע אויגן דעם כשאד, וואָס מיר, די פרעמדע שטאָטיש־פּארפוצטע, האָבן בא אים ארויסגערופן. מיט א ווונק האָט ער אָפּגערופן דעם באלעבאָס אין א זייט און עפּעס מיט אים שטיל געשמועסט. אז זיי זיינען צוגעקומען צוריק, האָבן זיי שוין גערעדט הויך. דער ניי־געקומענער האָט זיך שוין נישט געפילט געפּענטעט פון אונדזערע אויגן.

— אמיגאָס, — האָט צו אונדז געזאָגט דער עלטערער גאוטשאָ, — פּעדראָ איז א ווילער באָכער און א געלערנטער, ער לערנט אונדז אויך.

פּעדראָ האָט געבראכט בלעטלעך וועגן דעם שטרייק, וואָס די קאָר־דאָבער באטראקעס גרייטן צו... בלעטלעך פון ארגענטינער קאָמיוג.

אין די בערג איז געווען קיל, פריש און היימיש, היימיש.

---

# די וועטשערע, וואָס מ׳האָט נישט געגעסנ.

.1

אינ ראיאָנ פונעמ גרויסנ בוענאָס־אײַרעסער פּאָרט, אינ זײַנ דאָרעמזײַט, געפינט זיכ די אָרעמסטע ארבעטער־פאָרשטאָט דאָקסוד. די הויפּטבאפעלקערונג באשטייט דאָ פונ פּאָרט־ארבעטער, שיפּ־אָנלאָדער, טרעגער אונ פורמאנעס, צווישנ זיי — אסאכ נעגערס.

די ארבעטלאָזיקײַט, וואָס בושעוועט דאָ, ווי אינ גאנצ ארגענטינע, שוינ עטלעכע יאָר, האָט די פאָרשטאָט נאָכ מער אָרעמ אונ וויסט געמאכט. אינ די הונגעריקע קליינע פינצטערע שטיבלעכ הערט זיכ שוינ קימאט נישט אינ די אָוונטנ דאָס פריילעכע געזאנג פונ די איטאליענער, באגלייט אפ גיטארעס. אינדרויסנ פאר די שטיבלעכ טאנצנ שוינ מער נישט אינ די אָפּרו־טעג די נעגערס זייערע פלינקע בייגעוודיקע אפריקאנישע טענצ, אונ דער געלעכטער פונ קינדער הערט זיכ דאָ זייער זעלטנ.

דער הונגער איז שוינ לאנג ארײַנ אהער אינ פאָרשטאָט אונ מיט זײַנע קאלטע ביינערדיקע הענט דערשטיקט דאָס לעצטע ביסל פרייליכקײַט. די טאטעס לויפנ אומזיסט ארומ גאנצע טעג זוכנ ארבעט. קומענ זיי נאָכדעמ אהיימ מידע, פארצאָרנטע אונ שווײַגנ. די אויסגעדארטע מאמעס זײַנענ שטענדיק כמורנע אונ נערוועז אונ קענענ נישט פארטראָגנ קיינ פרייליכקײַט. צעלאכט זיכ אמאָל א קינד, אָדער עס צעשטיפט זיכ, פאלט אפ דעמ באלד דער שווערער טרויעריקער בליק פונ דער מאמענ, — האקט זיכ אָפּ די פרייד אינמיטנ...

אונ לעבנ דער פאָרשטאָט ציט זיכ א גרויסער וויסטער פלאצ. דאָס איז דער גרעסטער מיסט־פלאצ פונ דער גרעסטער שטאָט אינ דאָרעמאמעריקע — בוענאָס־אײַרעס. אלע אָפּפאלנ פונ דער דריטהאלבנ־מיליאָניקער שטאָט פירט מענ ארויס אהערצו. ליגנ דאָ שטענדיק אונ פוילנ גרויסע בערג מיסט, געפייגערטע קעצ אונ הינט, ביינער פונ געפאלענע פערד. ווערעמ קנוילנ זיכ אפ זיי, אונ אלערליי שלעכטע פליגנ זשומענ כמארעס־

ווייַז איבער זיי. דער גיפטיקער רייעכ פונ פוילעניש מאכט דאָ די לופט, איבערהויפּט אינ די הייסע טעג, אומדערטרעגלעכ — שווער אונ געפערלעכ.

די רייַכע אייַנוווינער פונ שטאָט ווייסנ אפילע מיסטאמע נישט, אז ס'איז פאראנ אזא שוידערלעכער פלאצ. די הונגעריקע אָבער פונ בוענאָס־אייַרעס קענענ גאנצ גוט דעמדאָזיקנ ריזיקנ מיסט־קאסטנ. פונ באַגינענ ביז שפּעט אינ אָוונט גריבלענ זיכ דאָ אינעם מיסט מאכנעס פארכווישעכטע, אויסגעדארטע, אָפּגעריסענע מענטשנ — מענער, פרויענ אונ קינדער, צעשארנ מיט שפּיציקע העלצער אונ שפּיציקע טרוקענע פינגער די בערגלעכ אונ זוכנ „מעציִעס": א שקאָרינקע ברויט, א שטיקל קארטאָפל, א נאָכ נישט אינגאנצנ ארומגעהריזעטנ ביינ... זיי פירנ דאָ אָפּטמאָל א קאמפ מיט די אויסגעדארטע הונגעריקע הינט, וואָס פארטיידיקנ מיט ברענענדיקע אויגנ אונ פארקריצטע ציינ זייער אלטנ שפּייַזפלאצ...

.2

ס'איז געווענ א זוניקער גאָלדיק־בלויער אָקטיאבער־פארנאכט. א ווייכ, מילד ווינטעלע איז געקומענ אינ דאָקסוד, פלינק דורכגעלאָפנ איבער די וויסטע, טרויעריקע גאסנ, אָנגעשפּארט אפנ מיסט־פלאצ — אונ דאָ דערשטיקט געוואָרנ אינ די שווערע גיפטיקע רייכעס. אנטקעגנ איז געלעגנ אינ ראָזער אָוונטשייַנ דער יאם. נאָר אויכ דעם יאם איז נישט פריילעכ געווענ. אינ פּאָרט זייַנענ אָנ באוועגונג געשטאנענ אפ זשאווערנדיקע אנקערס אסאכ פּוסטע שיפנ, וואָס האָבנ שוינ קימאט פארגעסנ גיינ. דער קריזיס האָט זיי דאָ פארשמידט, זייַנענ זיי געשטאנענ מיט אויסגעלאָשענע קאלטע קוימענס אונ געשוויגנ, טרויעריק געשוויגנ, פונקט ווי די הונגעריקע ארבעטלאָזע פּאָרט־ארבעטער.

א גרופּע דאָקסודער קינדער האָבנ זיכ אומגעקערט פונעם מיסט־פלאצ מיט טאָרבעלעכ אפנ פלייצע, מיט שפּיציקע העלצער אינ די הענט.

די גאנצע גרופּע איז געווענ כעוורע פונ צוויי־דרייַ שכיינעסדיקע הויפנ אינ דאָקסוד, אלע גוטע כאווײרים איינער מיטנ אנדערנ. די גאנצע גרופּע האָט געארבעט אפנ מיסט־פלאצ בעשוטפעס אונ צעטיילט צווישנ זיכ אפ גלייַכע טיילנ דאָס צונויפגעזאמלטע.

זיי זייַנענ הייַנט געגאנגענ צוריק אהיימ פריילעכ אונ טומלדיק: ס'האָט זיי „אָפּגעגליקט". כוץ די עטלעכע שטיקלעכ ברויט, וואָס זיי האָבנ געפונענ, האָבנ זיי אויכ אנטדעקט א גאנצנ „אויצער": א פּאָר צענדליק

פּושקעס קאָנסערוון. גאַנצע נאָך נישט־אָנגערירטע בלעכענע פּושקעס פיש־קאָנסערוון!

דער שווארצער ראבערטיטא האָט געגלאַנצט מיט די ווײַסע געזונטע ציין און שטארק־ווײַסע אויגנווײַסלעך, און זײַן געקרויזט קעפּל האָט בעשומויפנ נישט געקענט פארשטיין:

— וועלכער מעשוגענער בורזשוי האָט עס ארויסגעוואָרפן אין מיסט אזא רײַכקײַט?!

— דער צוועלפיאָריקער איטאליענער וויטאָריאָ האָט געפונען אן ענטפער:

— דאָס האָט מיסטאמע איינער א גוויר, א גוטער, אומיסטנ ארויס־געוואָרפן, קעדיי די אָרעמע זאָלן אויך אמאָל עסן קאָנסערוון...

אָבער דער קליינער אויסגעדארטער ארמאנדאָ האָט קורץ ארויסגע־ברומט:

— קיין גוטע גווירים זײַנען נישט פאראן אף דער וועלט.

אָבער ווי און וואָס דאָס זאָל נישט זײַן, דער פאקט איז געבליבן א פאקט: אכט יאטן — נעגערס ידן, ארגענטינער, איטאליענער — האָבן געטראָגן אין די טאָרבעלעך צוואנציק פּושקעס קאָנסערוון מיט עטלע־כע שטיקלעך ברויט. זאָל זײַן אז שמוציקס, צענעצטס, אָבער דאָך ברויט!

איז בא בערקען פלוצים געבוירן געוואָרן אן אידייע, א געדאנק. ער האָט א טרייסל געטאָן מיט די שווארצע קרויזנ זײַנע, די ברוינע אויגן האָבן זיך צעשײַנט, און זײַן דרײַצניאָריק לעבן האָט מיטאמאָל אינגאנצן אופגעלויכטן:

— איר ווייסט, כעוורע, וואָס פאר א פּלאן איך האָב?

— נו?

— הערט אויס. לאָמיר פּראווען א שוטפעסדיקע וועטשערע *). אלע צוזאמען. וועט אונדז זײַן פריילעך. אָט אזוי, ווי די גרויסע פראווען אמאָל — א באנקעט.

דער דינינקער און הויכינקער כאָסע האָט אים איבערגעשלאָגן:

— איך האָב שוין אמאָל געזען א באנקעט, א סודע דורך א פענצ־טער האָב איך געזען, אין שטאָט. דורך א גרויסן, ליכטיקן פענצטער...

כעוורע האָט באשלאָסן אזוי: מע מאכט דעם באנקעט, נאָך איידער מע קומט אהיים. וואָרעם, אז מע וועט שוין קומען אהיים, וועט נאָכדעם

*) וועטשערע — אָוונטברויט.

זייַנ שווער ווידעראמאָל זיכ אלעמענ צוזאמענטרעפנ. די מאמעס וועלנ אָנהייבנ ווי שטענדיק: „שוינ שפּעט, מע דארפ זיכ לייגנ שלאָפנ. ווּהינ שלעפּסטו זיכ אינמיטנ דער נאכט?"... דארפ מענ עפּענעמ א פּאָר פּושקעס קאָנסערווּג אָט שוינ טאקע. נאָר צוויי. די איבעריקע אלע טראָגט מענ נאָכדעמ אָפּ אהיימ. דאָס, וואָס מע וועט קומענ אהיימ א ביסל שפּעט־לעכ, מאכט נישט אויס. טאטע־מאמע וועט טאקע עפּענענ דאָס מויל אָפּ בייזערנ זיכ, אָבער אז זיי וועלנ דערזענ די גרויסע, נישט־גערירטע בלעכענע פּושקעס, וועלנ זיי שוינ נישט שרייַענ...

גערעדט אונ געטאָנ. אכט יאטנ גייענ אָפּ אפּ א ווייַטסטנ ברעג פּו־נעמ מיסט־פּלאצ, ווּהינ קיינ הונגעריקער דערגייט קיינמאָל נישט. דאָ איז אפילע דאָ א ביסל טרוקנ קרענקלעכ גראָז. מע צעלייגט זיכ אפּ דער ערד אונטער די קרומע שטראלנ פונ דער אונטערגייענדיקער זונ אונ מע נעמט זיכ צוגרייטנ צומ „באנקעט".

ראָבערטאָ געפינט ערגעצ אפּ דער ערד א לאנגנ פארזשאווערטנ טשוואָק אונ נעמט זיכ מיט אימ פּאָרענ בא די קאָנסערווּנ־פּושקעס. ווי־טאָריאָ קריגט ארויס פונעמ טאָרבעלע א פּאָר שטיקלעכ טרוקנ ברויט אונ צעטיילט עס אפּ אכט גלייַכע טיילנ. בערקע נעמט ארויס פונ זייַנ טאָרבע א פלעשל מיט וואסער (אינ די הייסע טעג טראָגנ יאטנ מיט זיכ שטענדיק וואסער. דאָס קאָסט דאָכ קיינ געלט נישט).

— כעוורע! — זאָגט פרייילעכ בערקע, — אויב שוינ יאָ א וועטשערע, איז זאָל עס זייַנ מיט אלדעמ גוטנ. לאָמיר נעמענ צו ביסלעכ ווייַנ... מירנ טרינקענ אלע פונ איינ פלעשל... — אונ ער טראָגט צו צו די ליפּנ דאָס פלעשל וואסער.

כעוורע לאכנ.

— פאר וועמענ טרינקסטו, בערקע? — פרעגט ארמאנדאָ.

— פאר מייַנ טאטנס באלעבאָס, ער זאָל אייביק טרינקענ נאָר וואס־סער...

— אונ עסנ אויכ נאָר וואסער! — גיט צו כאָסע...

.3

אז די פּושקעס זייַנענ שוינ אָפּנ אונ מע האלט שוינ מיט ברענענ־דיקע אויגנ באמ אָנהייבנ די קאָלעקטיווע וועטשערע, קומענ פלוצימ אָנ א פּאָר יאטנ — א ייִנגל פונ א יאָר פערצנ אונ א מיידל פונעמ זעלביקנ

עלטער. צוויי אומבאקאנטע יאטן. אָנגעטאָן זייער אָרעם, אָבער גאנץ און ריין. אפ די העלדזער — רויטע טיכלעך, אקוראט און שיין אויסגעשלייפט. לויט די דארע פּנעמער און איינגעפאלענע אויגן איז קענטיק, אז אויך די ביידע יאטן עסן נישט צו אָפט און נישט צו גוט...

אכט פּאָר אויגן שטעלן זיך אָפּ אפ זיי, אפ די ניי־צוגעקומענע מיט אָפענער אומצופרידנקייט. מע רוקט צו די קאָנסערוון נענטער צו זיך.

— גוטן אָוונט, כעוורע!

— גוט יאָר. וואָס ט׳איר זאָגן?

די געסט זעצן זיך אויך צו אפ דער ערד. באקוקן האסטיק די „וועטשערע”, דערזעען די קאָנסערוון — און קוקן זיך איבער מיט גרויס שרעק.

דאָס יינגל זאָגט:

— וואָס קלייבט איר זיך טון? ווו האָט איר גענומען די קאָנסערוון?

— נישט דיין באבעס דייגע, — ענטפערט בייזלעך בערקע. — נישט גע־גאנוועט און נישט [illegible] דיינעטוועגן...

דאָס מיידל שמייכלט זייער פריינטלעך:

— כעוורע, זייט נישט אין קאס. מיר ווילן אייך קיין שלעכטס ניט טון. איר זייט דאָך ארבעטער־קינדער, א־יאָ? און מיר אויך. איר זייט פון דאָקסוד, און מיר פון וויזשא קרעספּאָ. איר הונגערט, און מיר אויך. מיר האָבן דערזען א גרופּע קינדער, זיינען מיר צוגעגאנגען. לאָמיר זיך באקאנען און שמועסן...

כאָסע קוקט אפ זיי קרומלעך:

— איר מיינט דאָך מיסטאמע נישט אונדז, נאָר די פושקעס, איז שלאָגט זיך דאָס ארויס פון זינען...

אלבערטאָ, דער ניי־צוגעקומענער יאט, שטעלט זיך אוועק און זאָגט אזוי:

— הערט, כעוורע, מיר וועלן די קאָנסערוון נישט עסן, אָבער איר וועט זיי אויך נישט עסן!

אלע יאטן שפּרינגען אוף פון אָרט. הענט פארדריקן זיך אין פויסטן:

— וואָס איז? ס׳איז עפּשער דיינס?!

אלבערטאָ נעמט ארויס פון קעשענע א שטיקל צייטונג:

— לייענען קענט איר?

— דריי נישט קיין קאָפּ! — שרײַט ראָבערטאָ. — טראָג זיך אָפּ. מיר ווילן עסן!

— איך וויל אויך עסן... — זאָגט רויִק אלבערטאָ. — איך וויל אָבער, איר זאָלט פריִער א לייענען טון, וואָס דאָ איז געשריבן, אז נישט גייען מיר נישט אוועק.

בערקע גייט צו צו אלבערטאָן און לייענט מיט אים צוזאמען די צײַטונג. כעוורע הערט אויס. וואָס ווײַטער הערט מען אלץ אָנגעשטרענגטער, און מע רוקט זיך צו נעענטער און פרײַנטלעכער צו די געסט... אין צײַטונג שטייט:

„נעכטן באטאָג האָבן עטלעכע פאמיליעס ארבעטלאָזע פון וויזשא קרעספאָ זיך אָפּגעסאמט מיט קאָנסערוון, וואָס זיי האָבן געפונען אפן מיסט־פלאצ פון דאָקסוד. 5 קינדער, 2 פרויען און 2 מענער זײַנען געשטאָרבן אין שרעקלעכע ווייטעקן. די איבעריקע האָט מען אין א האָפנונגלאָזן צושטאנד אָפּגעפירט אין שפיטאָל".

אלע יאטן שווײַגן און קוקן מיט טרויעריקע פארבענקטע אויגן אפ די קאָנסערוון־פּושקעס... און אלבערטאָ דערקלערט:

— דאָס איז אַן עמעס. איך האָב אליין געקענט די פארסאמטע. דאָס האָט א קרעמער ארויסגעוואָרפן א גאנצן קאסטן פארפוילטע פארזשאווערטע קאָנסערוון. וואָס גייט אים אָן, דעם קרעמער, וואָס הונגעריקע ארבעטער מיט זייערע פאמיליעס וועלן שטארבן מיט א שרעקלעכן טויט?

די פּושקעס שטייען אפ דער ערד מיט אָפענע מײַלער. קיינער רירט זיך צו זיי נישט צו. נאָר אין די אויגן האָט זיך אויסגעלאָשן דער גלאנצ, און אין הארצן האָט אויסגעטריקנט די פרייד...

א ווײַלע שטייען כעוורע ארום די פּושקעס שא־שטיל, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי בא א טײַערן טויטן... נאָכדעם זאָגט ארמאנדאָ שטיל און טרויעריק:

— אָבער איך וויל דאָך עסן!

— אלע ווילן מיר עסן, — ענטפערט ביילקע, דאָס נײַ־צוגעקומענע מיידל, — אָבער אלע ווילן מיר דאָך לעבן, אפצולאָכעס די בורזשויען. אלע ווילן מיר לעבן, און מיר וועלן לעבן!..

און אלבערטאָ זאָגט:

— קומט, כעוורע, וואָס האָבן מיר דאָ צו טון אפן מיסט־פלאצ!

קומט אהיים און דערציילט אײַערע טאטעס, וואָס איר האָט געלייענט אין צײַטונג, און ווײַזט זיי אויך אָט די צײַטונגען.

אלבערטאָ און ביילקע נעמען ארויס פון בוזעם און באטיילן די קינדער מיטן נאָרוואָס דערשינענעם נײַעם נומער פון דער ארגענטינער פּיאָנערישער צײַטונג...

— איר וועט דאָס לייענען, — זאָגט אלבערטאָ, — וועט איר זיך דער־וויסן, ווי עס לעבן די גליקלעכסטע קינדער אף דער וועלט — די אר־בעטער־קינדער אין ראטנפארבאנד... און מאָרגן קומט איר אלע און נעמט מיט אײַערע באקאנטע אפן קינדער־מיטינג, וואָס מיר אָרדענען אײַן אין דער ערשטער ארבעטער־שול אין ווילא קרעספאָ. דאָרטן וועט איר זיך דערוויסן אסאך זאכן, וואָס ארבעטער־קינדער דארפן וויסן. מאָרגן הייבט זיך אָן די אינטערנאציאָנאלע קינדער־וואָך.

נישט אלץ, וואָס אלבערטאָ זאָגט, פארשטייען דאָ די אכט יאטן. אָבער איינס פארשטייען זיי: ס'איז זייערער א יאט, א כאוור, א נאָ־ענטער פרײַנט. זיי רינגלען אים הארציק ארום און גייען מיט אים צוזאמען. אין וועג דרייען זיי אָפּט אום די קאָפּ אהינטער, אהין, וווּ עס זײַנען געבליבן די אָפענע פושקעס...

פון ערגעץ לויפט אן אויסגעדארטער הונט גלײַך צו די קאָנ־סערוון...

ראָבערטאָ זאָגט:

— א ראכמאָנעס אפן הונט!

— ארמאנדאָ בארויִקט:

— א הונט שאדט נישט: ער האָט דאָך א הינטישן מאָגן.

בערקע אָבער לויפט צוריק:

— א הונט איז דאָך אויך א לעבעדיקע באשעפעניש...

אלע לאָזן זיך לויפנדיק צוריק. פונוויַטן נאָך שרײַען זיי און שרעקן דעם הונט, זיי באוויַזן אָבער ניט צו צולויפן — און דער הונט האָט שוין מיט א ווילדן אפעטיט ארײַנגעשטעקט דעם פיסק אין די קאָנסערוון און פרעסט. כעוורע טרײַבן אים מיט שטעקנס און קלאפּן ארויס די פושקע פון אונטער דער מאָרדע זײַנער... דער הונט האוו־קעט, פארטיידיקט זיך און די פושקע. נאָר שוין אין א מינוט ארום צעוויעט ער זיך ווילד, נעמט זיך דרייען און קײַקלען אף דער ערד. אין די אויגן בא אים ברענען ווילדע יעסורים. ער בײַסט זיך אליין אין בויך און אין די פיס פאר טויט־ווייטעקן.

די קינדער שטייען נאָך א ווײַלע באַם שטאַרבנדיקן הונט און שוויַיגן: ס'פאלט צו די נאכט. אין דער נאכט ברענען אזוי מאָדנע די הינטישע אויגן, וואָס קוקן מיט א פֿײַנלעכן געבעט אָפּ די אומבאַהאָלפענע קינדער...

כאָסע זאָגט:

— אזוי מיסטאמע האָבן אויך געקוקט די פארסאמטע קינדער פון ווייזשא קרעספאָ.

אלבערטאָס הענט דריקן זיך צונויף אין פויסטן.

די נאכט ווערט אלץ געדיכטער, די קינדער גייען שוויַיגנדיקע אהיים.

אין וועג זאָגט וויטאָריאָ:

— א שאָדן, א שאָדן! מיר האָבן דאָך זיך געגרייט צו דער קאָלעקטיווער וועטשערע!..—און ער באַלעקט זיך די פארטריקנטע ליפּן.

— זאָרג זיך נישט, וויטאָריאָ,—ענטפערט אים ביילקע.—מירן נאָך האָבן שיינע זאטע קאָלעקטיווע וועטשערעס צוזאמען מיט אונדזערע עלטערן! מיר דארפן נאָר פאר דידאָזיקע וועטשערעס קעמפן צוזאמען מיט אונדזערע עלטערן...

ארמאנדאָ פארשטייט ניט און האָט נישט קיין געדולד:

— ווו וועט דאָס זײַן? ווען?

אלבערטאָ ענטפערט פֿײַערלעך און הייס:

— ווען דאָ אין ארגענטינע וועט זײַן, ווי דאָרטן — אין רוסלאנד...

---

# דערקלערונג צו דער דערציילונג „אדיע, הער אבראמאָוויטש!“.

אינ ארגענטינע, ווי אינ אסאכ אנדערע קאפּיטאליסטישע לענדער, איז פאראנ א געזעצ וועגנ אָבליגאטאָרישער אלגעמיינער פאָלקס־בילדונג. דאָס באטײַט, אז יעדער קינד פונ לאנד מוז באזוכנ די רעגירונג־שול, ווו עס דארפ זיכ לערנענ צום ווינציקסטנ פיר יאָר. אז נישט — באקומענ די עלטערנ פונעמ קינד א גרויסע געלט־שטראָפ אָדער א טערמינ טפיסע.

צוליב וואָס דארפ די קאפּיטאליסטישע רעגירונג אזא מינ געזעצ?

ערשטנס, לוינט זיכ בעסער פארנ פאבריקאנט, אז דער ארבעטער זאָל קאָנענ לייענענ שרײַבנ אונ אביסל מאטעמאטיק, קעדיי ער זאָל, א קולטורעלער, בעסער באהערשנ די מאַשינ, וועט זײַנ ארבעט זײַנ פּראָדוקטיווער, פונ העכערער קוואליטעט אונ וועט געבנ מער פארדינסט דעמ פאבריקאנט.

צווייטנס — אונ דאָס איז זייער וויכטיק פארנ הערשנדיקנ קלאס קאפּיטאליסטנ — וועט דאָס קינד אינ מעשעכ פונ עטלעכע יאָר, וואָס עס וועט פארברענגענ אינ דער רעגירונג־שול, ווערנ א פאטריאָט. די בורזשואזע לערער דערציילנ אימ יאָרנלאנג וועגנ דער העלדישקײַט פונ די קאפּיטאליסטישע גענעראלנ, וועגנ דער שיינקײַט אונ נויטיקײַט פונ מילכאָמע, וועגנ דעמ, אז גאָט האָט אזוי געמאכט, אז די רײַכע זאָלנ זײַנ רײַכ אונ די ארבעטער — אָרעמ, אונ אז קעגנ גאָט טאָר מענ נישט גיינ, אז די בעסטע מענטשנ זײַנענ די רײַכע, אונ די ערגסטע — די באָלשעוויקעס...

אָט אזוי, אינ דערדאָזיקער שול, דערציִענ די קאפּיטאליסטנ געהאָרכזאמע קנעכט פונ דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג.

די רעגירונג־צוואנגשול איז אפ דער שפּראכ פונעמ הערשנדיקנ קאפּיטאליסטישנ קלאס, אינ ארגענטינע — אפ שפּאניש.

די נאציאָנאלע מינדערהײַטנ פונעמ לאנד האָבנ אָבער אויכ רעכט צו האָבנ אונ אויסהאלטנ אפנ אייגענעמ כעזשבנ צוגאָב־שולנ אפ זייער אייגענער שפּראכ. נאָכדעמ, ווי דאָס קינד קומט פונ דער רעגירונג־שול, האָט עס רעכט צו באזוכנ נאָכ א שול אפ דער אייגענער מוטער־שפּראכ.

דאָס דערלויבט די רעגירונג צוליב דעמ, קעדיי אויכ די בורזשואזיִע פונ דער נאציאָנאלער מינדערהײַט זאָל קענענ פארדרייענ דעמ קינד א קאָפּ מיט רעליגיע אונ אייגענעמ נאציאָנאליזמ — אפ דער אייגענער שפּראכ.

מיט דעמ רעכט נוצנ זיכ אָבער אויכ אויס די באוווּסטזיניקע ארבעטער פונ די נאצמינדערהײַטנ. אפ די לעצטע בלוטיק־פארהאָרעוועטע גראָשנס האלטנ זיי אויס ארבעטער־שולנ, ווו דאָס קינד קריגט א פּראָלעטארישע דערציִונג אונ דערוויסט זיכ אלצ, וואָס אנ ארבעטער־קינד דארפ וויסנ. אויכ די ייִדישע ארבעטער האָבנ אזעלכע שולנ.

די יידישע בורזשואזיע האָט שרעקלעך פײַנט די ארבעטער־שולן, זי פּרוּווט זיך אויך ארײַנקריכן אין ארבעטער־ראיאָנען און עפענען דאָרטן אירע צוגאָב־שולן. זי וויל ארײַנציִען צו זיך די ארבעטער־קינדער. דאָס טוט זי אָפטער פון אלץ דורך אירע טרײַע דינער — די בונדיסטן, פּועלעציִעניסטן. דיראָזיקע פּארעטער פּארשטעלן זיך פאר ארבעטער־פרײַנט און עפענען קלוימערשט „סאָציִאליסטישע" צוגאָב־שולן. דאָרטן לערנט מען אויך דאָסזעלביקע, וואָס אין די בורזשואזע שולן, נאָר מיט „סאָציִאליסטישע" פאלשע רייד.

די קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן, פּיִאָנערן און אלע באוווּסטזיניקע ארבעטער קעמפן קעגן די־דאָזיקע פאלשע „ארבעטער"־שולן.

די דערציילונג „אדיע, הער אבראמאָוויטש!" (ווי די דערציילונג „די וועטשערע, וואָס מע האָט ניט געגעסן") באשרײַבט נאָך יענע צײַט, ווען די קאָמוניסטישע פּארטיי אין ארגענטינע איז נאָך געווען לעגאל—ביז סעפּטעמבער 1930.

---

# אינהאלט.